# לאַסאַל.

זיין ביאָגראפיע, זײן טהעטיגקייט און זיין
ווערט אין געזעלשאפטליכען לעבען.

פון

## ש. צ. זעצער.

פערלאג „ביכער־פאר־אלע". ווארשע דלוגא 11.

---

# ЛАСАЛЬ.

БІОГРАФИЧЕСКІЙ ОЧЕРКЪ.

Соч. Ш. Ц. Зецера

Изданіе „БИХЕРЪ-ФАРЪ-АЛЭ"

Варшава, Долга 11.

1907.

# פערדינאנד לאסאל.

## א.

## איינטריט.

פון מענדעלסאהנס צייט אן האט זיך אנגעהויבען פער־בעסערען די לאגע פון די יודען אין דייטשלאנד. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האט מען זיי געשענקט אלץ מעהר און מעהר מענשליכע רעכט אין פערשידענע געגענדען פון לאנד. די יודישע געטא האט אויפגעהערט זיין אזוי שטיקענד ווי אמאל, זי איז געווארען אלץ ברייטער און גערוימער. די יודען זענען שוין נישט געווען אזוי עלענט, ווי פריהער. פיל דייטשע שריפטשטעלער האבען ארויסגעטרעטען מלמד זכות צו זיין אויף די יודען און אויף דאס יודענטהום, און האבען געפאדערט פאר יודען בירגערליכע און מענשליכע רעכט. אויך דער אלגעמיינער גאנג פון דער היסטארישער ענטוויקעלונג אין דייטשלאנד, וועלכע האט געשאפען נייע עקאנאמישע בעציהונגען אין דער געזעלשאפט, האט מיטגעבראכט צו בעפרייען די יודען פון דעם שרעקליכען מצב, אין וועלכען זיי האבען זיך געפונען אזוי פיעל יאהרען, צו געבען זיי מעהר פרייהייט, מעהר זעלבסשטענדיגקייט.

די יודען, וואס האבען אזוי פיעל דורות געלעבט אני־אבגעזונדערט לעבען אין געטא, געגראבען זיך כסדר אין דער תורה, האבען זיך יעצט מיט גרויס חשק איבערגעטראגען אין דער ברייטער וועלט, וועלכע האט זיך דאמאלס פאר זיי געעפענט, און האבען אנגעהויבען לערנען די וועלט־חכמות פונקט מיט דער אייגענער התמדה, מיט וועלכער זיי האבען פריהער שטודירט די „גמרא" און „פוסקים". דאמאלסט האט דאס יודענ־טהום אין דייטשלאנד פון דאס ניי אנגעהויבען בליהען.

אין פערלויף פון גאר א קורצער צייט האט דאס יודענטום ארויסגעגעבען פון זיך אזוי פיעל גרויסע מענשען, ווי: הייגע,

בערנע, מארקס, לאסאל, ריסער, העס, אויערבאך. אויך זענען אויסגעוואקסען דאמאלס ביי יודען גרויסע באנקירען, סוחרים, אינאיינעם מיט דעם, אבער, האבען זיך די יודען אויפגעהערט פיהלען אלס א בעזונדערער פאלק, וועלכע בעזיצט געוויסע נאציאנאלע אייגענשאפטען און שטרעבט צו א זעלבסט־שטענדיגען נאציאנאלען לעבען, זיי האבען זיך גערעכענט פאר קינדער פון דער דייטשע נאציאן; פון וועלכער זיי שיידען זיך אב נאר מיט זייערע רעליגיאנס־בעגריפען נאר מיט זייער גאטעס־דיענסט. דאן האבען זיך די דייטשע יודען אנגעהויבען אסימילירען, אראנק דער וויסענשאפט, איז ביי זיי געווארען שוואך די אמונה (דער איינציגער אינהאלט פון יודישקייט, נאך זייער מיינונג נאך), מאסענווייז האבען זיי פער־לאזען זייער פאלק, שוין אויף קיינמאל זיך ניט צוריק צו קערען. פיעל פון די דייטשע יודען, ביי וועלכע דער רעליגיאנס־געפיהל איז נאך געווען צו שטארק, אז זיי אליין זאלען קענען איבערבייטען זייער גלויבען, האבען געטויפט זייערע קינדער. דער אידיאל זייערער איז געווען — ווערען וואס מעהר נעהענטער צו די בירגער פונ׳ם לאנד. דעריבער האבען זיי זיך געמיהט נאך טהון זיי אלעם.

און אויף דעם באדען פון דער אסימילאציאן איז אויס־געוואקסען די רעפארמאציאנס־בעוועגונג: די שטרעבונג פון דער הויכער יודישער אריסטאקראטיע צו רעפארמירען די יודישע אמונה. די רעפארמען, וואס זיי האבען פערלאנגט, זענען ניט געווען קיין אינערליכע, נאר אויסערליכע. זיי האבען ניט געשטאמט פון דעם וואס ס׳זענען ביי זיי איבערגעביטען גע־ווארען זייערע רעליגיעזע בעגריפען, נאר פון דעם, וואס זיי האבען זיך אלץ געוואלט פערגלייכען מיט די דייטשען, עהנליך מאכען זייערע פארמען, פונ׳ם לעבען צו די לעבענס־פארמען פון די דייטשען. צו זייער גרויסען אומגליק, האט זייער רעליגיעזע געפיהל נישט דערלאזט געהן אין די קלויסטערס דאוונען צוזאמען מיט די דייטשען, האבען זיי דעריבער געוואלט מאכען די שולען זייערע עהנליך צו די קלויסטערס. זיי האבען געוואלט נישט רעפארמירען די אמונה, נאר

די פאָרמען איהרע; נישט ענדערען די דאָגמאַטיקאַ איהרע, נאָר די צערעמאָניע איהרע. די אַלע רעפאָרמען, וואָס זיי האָבען געפאָדערט זענען געווען נאָר „שוהל-רעפאָרמען". זיי זענען בעשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבען געוואָלט איינפיהרען אַן אָרגעל אין שוהל, שטעלען די בימה אין מיט פון דער שוהל, דאַוונען אויף דייטש, אַנשטאַט אויף העברעאיש, און אויסמעקען פונ'ם „כדור" אַלע ערטער, אין וועלכע עס בעט זיך וועגען צוריקקעהר קיין „ציון און ירושלים", כדי ס'זאָל חלילה ניט פאַלען קיין חשד אויף זייער דייטשען פאַטריאָטיזם.

און אַט די רעפאָרמאַציאָנס-בעוועגונג האָט אַרומגענומען פיעל יודישע קהלות, אין וועלכע ס'זענען געווען צוליעב דעם שטענדיגע מחלוקות, די אָרטאָדאָקסיע, האָט געפיהרט אַ שטאַרקע מלחמה, מיט די רעפאָרמער און האָט נישט געוואָלט דערלאָזען איינפיהרען זייערע געווינשטע נייע מנהגים.

און איינע פון די הויפטשטעדט, אין וועלכע ס'איז פאָרגעקומען די מלחמה צווישען דער אָרטאָדאָקסיע און די ראַדיקאַלען, איז געווען אויך ברעסלוי. זי איז געווען איינע פון די הויפט-פעסטונגען פון דער רעפאָרמאַציאָנס-בעוועגונג, וואָרום אין דער קהלה האָט געלעבט דער בעוואוסטער יודישער געלעהרטער ר' אַברהם גייגער, איינער פון די גרעסטע קעמפפער פאַר'ן רעפאָרם.

אַט אין דער שטאָדט, צו דער צייט, אין 1325 יאָהר, עלף טאָג אין אַפּריל איז געבאָרען פערדינאַנד לאַסאַל. דער פאָטער זיינער, היימאַן לאַסאַל, וועלכער האָט געהאַנדעלט מיט זייד און איז געווען אַ פערמעגליכער מענש, האָט זיך אויך געפונען אין לאַגער פון די רעפאָרמירטע יודען. זעלבסטפערשטענדליך, אַלזאָ, אַז פערדינאַנד האָט שוין נישט געקריגען אַ נאַציאָנאַלע ערציהונג, אפילו נישט קיין יודישע. דער איינציגער מקור, וועלכער האָט אויף איהם משפיע געווען אַביסעל יודישקייט, זענען געווען די דרשות פון דעם אויבענדערמאַנטען אַברהם גייגער, וועלכער איז געווען דער פרעדיגער פון דער רעפאָרמירטער קהלה אין ברעסלוי און פלעגט יעדען שבת פרעדיגען.

פערדינאנדס עלטערן פלעגען יעדען שבת קומען אין שוהל הערען דעם פרעדיגער, מיט וועלכען זיי האבען געלעבט זעהר פריינדליך, און זעהר אפט פלעגען זיי אויך מיטנעהמען מיט זיך פערדינאנדען, וועלכער איז מיט גרויס חשק אליין אויך געגאנגען אין שוהל אריין, ווארום ער האט זעהר ליעב געהאט גייגערען. גייגערס דרשות פלעגען מאכען אויף לאסאלען א טיעפען איינדרוק. אין זיין טאג־בוך ציטירט ער זיי אפטמאל. אז ס'האט אמאל געטראפען אז ער האט ניט געקענט געהן שבת אין שוהל הערען גייגערען, האט איהם שרעקליך באנג געטהון. „איך האב בעשלאסען" — שרייבט ער אין זיין טאג־בוך — „ניט דורכצולאזען אפילו קיין איין רעדע זיינע". אין איין שטעלע פערצייכענט ער, כמעט, דעם גאנצען אינהאלט פון גייגערס דרשה, און ענדיגט מיט די ווערטער: „מיט איין ווארט, גייגער האט אויף מיר געמאכט א שטארקען איינדרוק".

דאנק דער השפעה פון גייגערס דרשות, האבען זיך צייטענוויז געפונען אין לאסאל'ס קינדער־שע יאהרען אויך אזוינע מאמענטען, ווען ער איז געוועזען שטארק פעראינטערעסירט מיט דאס יודישען לעבען, און איז געוועזען איבערגעגעבען מיט דעם גאנצען כח פון זיין פייערדיגער נשמה צו אלעם, וואס ס'איז פארגעקומען אין דער יודישער וועלט.

אזוינע מינוטען האט ער איבערגעלעבט, ווען ער האט געלייענט וועגען די צרות, וואס די יודען האבען דאמאלס געליטען אין דמשק.

אין 1840 יאהר, אין חודש אדר, איז פערפאלען געווארען אין דמשק א גייסטליכער מיט זיין קנעכט. די יודישע שונאים פון דארט, צווישען וועלכע עס האט זיך אויך געפונען דער פראנצויזישער קאנסול, האבען אויסגענוצט דעם פארפאל צו מאכען א' „עלילת־דם" אויף דער יודישער קהלה. זיי האבען געמאכט א בלבול אויף די יודען פון דמשק, אז זיי האבען געקוילעט דעם גייסטליכען מיט זיין קנעכט, צו פערנוצען זייער בלוט אויף פסח. פיעל פון די חשובסטע יודען פון דער קהלה זענען אויסגע'הרג'עט געווארען דאמאלס, פיעל פון זיי האבען געשמאכטעט אין די גריבער. די גאנצע יודישע קהלה איז גע־

ווען אין געפאהר, אז זי זאל אונטערגעהען, ווען ס׳וואלטען זיך אין דעם נישט אריינגעמישט די גרעסטע יודישע קהלות אין אלע לענדער ביי די הילף פון דער איינגלישער געזעלשאפט. משה מאנטעפיארע און דער סענאטאר יצחק קרעמיע זענען דאמאלס געפאהרען אלס שלוחים פון די יודען אין ענגלאנד און אין פראנקרייך, צו סטארען זיך בעפרייען די יודען אין דמשק. און א דאנק די פיעל רעקאמאנדאציאנס-בריעף פון די גרעסטע פון דער ענגלישער מלוכה, וואס מאנטעפיארע האט מיט זיך מיט-גענומען, איז די יודישע קהלה אין דמשק ניצל געווארען.

„אבענד — שרייבט לאסאל אין זיין טאג-בוך — „האט „מיר געבראכט דעם דירעקטארס פרו״ם ברודער דעם „בעריכט וועגען דער יודישער לאגע אין דמשק. שרעק-„ליך צו לעזען, שרעקליך צו הערען! די האהר שטעלען „זיך קאפויר. אלע געפיהלען געהען איבער אין א ברענענ-„דיגען כעס. א פאלק, וואס טראגט איבער דאס אלעס, „איז שרעקליך; עס דארף אדער זיך נוקם „זיין, אדער ליידען. דאס פאלגענדע ארט אינ׳ם „בעריכט איז אמת שרעקליך: „די יודען פון דער שטאדט „ליידען שרעקליכע צרות. ווי אזוי קענען די פאריען פון „דער וועלט איבערטראגען זיי אהן א שום שרעקליכען אב-„שטוים?״ אפילו קריסטען וואונדערען זיך אויף אונזער „ניט ריהרעוודיגקייט, אויף דעם וואס ביי אונז איז „בעסער ליידען שרעקליכע וועהטיגען, איידער שטעלען „זיך אנטקעגען און שטארבען אויף דעם פעלד פון מלחמה. „זענען דען די ליידען, וועלכע האבען געברענגט די „שווייצער צו אנ׳אויפשטאנד שטארקער געווען?״

„פאלק! דו ביזט ניט ווערט קיין בעסערען מזל! „א ווארם, וועלכען מ׳טרעט מיט די פיס, אזוינער „אפילו, קייקעלט זיך צונויף; און דו בויגסט זיך נאך „נידריגער. דו ביזט געבארען א קנעכט!״

זעהר אינטערעסאנט, אלס מאטריאל צו בעקענען זיך דורך איהם מיט לאסאל, דעם יודישען יונגעל, איז דאס וואס ער האט אריינגעשריבען אין זיין טאג-בוך, נאכ׳עם ווי ער איז

געקומען איין מאָל צוריק פֿון אַ לְוָיָה· ער שרײַבט דאָרטען פֿאָלגענדעם:

„אויף'ן וועג האָב איך גערעדט מיט בלאָך'ן· ער האָט געמאַכט אַזאַ געהויבענע צורה און האָט זיך גערופֿען אַטעאיסט· נאָר אַז ער האָט געזעהען, אַז איך האַלט זיך אין אַנ'אַנדער מיינונג, האָט ער באַלד איבערגעביטען זײַן פּאָזיציאָן· מיר האָבען אַסך גערעדט וועגען „מְגוּלְגָל ווערען", וועגען גײַגערען, וועגען יודען, און ער האָט זיך גע'חרוש'ט, וואָס איך בין אַזוי איבערגעגעבען דער יודישער אֱמוּנָה· עזעל איינער! גלײַך ווי מ'קען ניט עסען טְרֵפוֹת און זײַן פֿונדעסטוועגען אַ גוטער יוד.

„איך האָב עס איהם געזאָגט. און אין אֱמֶת'ן, איך רעכען זיך פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע יודען, חאָטש איך האַלט ניט פֿון די אַלערלײַ מִנְהָגִים. איך וואָלט געקענט מַקְרִיב זײַן מײַן לעבען אַבי אַרויסרײַסען די יודען פֿון זײער איצטיגער שווערער לאַגע.

„איך וואָלט אֲפִילוּ ניט מוֹרָא האָבען פֿאַר'ן עשאַפֿאָט, ווען איך וואָלט נאָר קענען מיט דעם מאַכען די יודען נאָך אַ מאָל פֿאַר אַ בְּכָבוֹדיג פֿאָלק. אָה! ווען איך גיב זיך איבער מײַנע קינדערשע פֿאַנטאַזיען, הויבט אָן איבער מיר צו געוועלטיגען מײַן ליעבסטע אידעע – שטעהן צום ערשטען פֿאַר די יודען מיט כְּלֵי זַיִן אין דער האַנד און מאַכען זיי פֿאַר אַ זעלבסטשטענדיג פֿאָלק".

אין דער שטעלע זעהען מיר לאַסאַלען, ווי איינעם פֿון די העכסטע פֿאַנטאַסטישע געטאָ-קינדער· ער דערמאַנט אונז די אַלערלײַ דִילָה-ריינ'ס, וועלכע זענען געווען בײַ אונז אַזוי פֿיעל, חאָטש ער איז נישט אַזוי מיסטיש ווי זיי, דאָטש ער בלײַבט שטעהן אויף אַ רעאַלען באָדען, אויך דאַמאָלס ווען ער גיט זיך איבער צו זײַנע ליעבסטע פֿאַנטאַזיען – צו ווערען דער מָשִׁיחַ פֿונ'ם יודישען פֿאָלק·

ס'שווער צו זאָגען הַשְׁעָרוֹת, צו וואָלט לאַסאַל געווען געאַרבײַט פֿאַר דעם יודישען פֿאָלק, ווען מ'וואָלט איהם געווען

ערצויגען נאציאנאליש, און וואס פאר א מין ארבייט זאל זי זיין. ניכער פון אלעס, וואלט ער אויך דאמאלס זיך ארויסרייסען צו ארבייטען אין דער ברייטער וועלט; דער גרעסטער גאון שאפט ניט קיין בעוועגונג. און אין יענער צייט איז אינ'ם יודישען לעבען ניט געוועזען דער באדען, אויף וועלכען ס'זאל זיך קענען ענטוויקלען און וואקסען דער שטארקער ווילען פון לאסאלען צו זיין דער צווייטער „משה" פאר דעם יודישען פאלק. נאר דאס איז געווים, אז ווען מ'זאל געוועזען ענטוויקלען אין איהם די נאציאנאלע געפיהלען, וואלט אויך זיין די עלטערע יאהרען געלעבט ביי איהם אין הארצען א שטארקע ליעבשאפט צו זיין פאלק. אזוי אבער זענען אויך די נאציאנאלע סימפאטיען וועלכע האבען אין איהם געשאפען גיינערם דרשות, געווארען וואס ווייטער אלץ שוואכער און שוואכער, אזוי אז מיט דער צייט האט ער זיך אין גאנצען פערגעסען אז יודען און אן יודענטהום.

## ב.

די נאטור האט זיך געזארגט פאר פערדינאנדען, אז שוין פון זיינע יונגע יאהרען זאל ער אנהויבען לעבען א גליקליך לעבען, ווי מ'בעדארף עס צו פערשטעהן, בנוגע צו א זוינע שטארקע ענערגישע און רעוואלוציאנערע פערזענליכקייטען, ווי לאסאל, ביי וועלכע לעבען גליקליך הייסט – טהון, ווירקען אין לעבען, פיהלען זיך פאר א „יש".

לאסאל איז געוועזען זעהר א שען קינד, ריהרעוודיג און לעבעדיג; שוין אין די קינדערשע יאהרען האבען זיך שטארק געלאזט מערקען אין איהם יענע גרויסע גייסטליכע קרעפטען, מיט וועלכע ער האט זיך נאכדעם אויסגעצייכענט, ווען ער איז שוין געווארען רייף, און צוליעב דעם האבען איהם אלע אזוי ליעב געהאט און כסדר זיך מיט איהם ארומגעטראגען. ביי די עלטערן זיינע איז ער געוועזען דאס ליעבסטע פון אלע קינדער. נאטירליך, אז איהם האט שוין גאר ניט געקענט

פעהלען אין זיינע קינדערשע יאהרען, אַלעס האָט ער געקענט פועל'ן ביי די עלטערן זיינע. לאַסאַל פון זיין זייט האָט אויך שטאַרק ליעב געהאַט די עלטערן און איז געווען זיי זעהר גע-טריי און איבערגעגעבען. מיט דער שטאַרקער ליעבשאַפט זיינע צו די עלטערן איז דורך און דורך אָנגעזאַפּט דער טאָג בוך זיינער. „איך האָב ליעב מיין פאָטער — שרייבט לאַסאַל אין אַני אָרט — ווי אַ זוהן קען נאָר ליעב האָבען זיין פאָטער. איך וואָלט מיט פרייד אָבגעגעבען מיין לעבען פאַר איהם, ווען ס'זאָל נאָר זיין נויטיג״.

ווי געזאָגט, האָט זיך לאַסאַל שוין אין די קינדערשע יאָהרען געפיהלט ווי אַ פאָלשטענדיגער מענש. מיר זעהען אָפט-מאָל דעם פערצעהן-יעהריגען לאַסאַל אין דער ראָלע פון אַ „רודף-שלום'ניק״. ביי לאַסאַלען אין דער פאַמיליע, נישט קוקענדיג דערויף וואָס אין אַלגעמיינעם האָבען זיך די מיט-גליעדער איהרע זעהר ליעב געהאַט און זענען געווען איבערגע-געבען איינער דעם אַנדערען, דאָך פלעגען אָפטמאָל פאָרקומען צווישען זיי קריגערייען. בעזאָנדערס פלעגט לאַסאַל'ס מוטער ליעב האָבען זיך אָפטמאָל אונטערצוקריגען.

„אָך! — כאַראַקטעריזירט לאַסאַל די מוטער זיינע — ווען מיין מוטער, וועלכע איז אייגענטליך אַזאַ גוטע, וואָלט שוין פּטור ווערען פון דעם חסרון איהרען — איהר רגילות צו שרייען און זידלען זיך! דערמיט מאַכט זי אומגליקליך אי זיך, אי דעם טאַטען. ביי איהר איז רעכט צו מאַכען אַ ליאַרעם צו ליעב דאָס קלענסטע נאַרישקייט. אָה, דערבאַרימדיגער פאָטער! הלואי, זאָל זיך שוין אומקעהרען צו אונז די רוה און פריד!״

און דאַמאַלס, ווען ס'פלעגט פאָרקומען עפּיס אַ מחלוקת אין שטוב, פלעגט לאַסאַל נעהמען אויף זיך די מיה צו מאַכען אַ שלום. אָפטמאָל זעהען מיר דעם יונגעל פערדינאַנד אויך אין דער ראָלע פון אַ געשוואָרענעם „בעל-יועץ פון דער פאַמיליע. זיינע מיינונגען פלעגט מען ביי איהם פרעגען ביי די סאַמע ערנסטע און פערפלאָנטערסטע אינטערעסען.

און נישט נאָר ביי זיך אין דער פאַמיליע, נאָר אפילו ביי פרעמדע ווערט דער יענגלינג לאַסאַל העכסט געשעצט. מיר זעהען

איהם זיין אַ גאַנצער גוטער ברודער שוין מיט גאָר עלטערע מענשע, וועלכע פערברענגען מיט איהם שעה'ן־ווייז און רעדען מיט איהם איבער אַלעם. נאָר וואָס מעהר וואונדערליך איז: אָפטמאָל ווענדען זיי זיך צו איהם ער זאָל זיי געבען אַן עצה וועגען אַזוינע ענינים, וואָס ס'וואָלט זיך געדוכט, אַז אַ יונגעל פון פופצעהן יאָהר, ווען ער איז אַפילו בעשענקט מיט אמת'ע געניאַלע פעהיגקייטען, ווי לאַסאַל, קאָן זיי גאָר נישט פערשטעהן. איינער פון זיינע דערוואַקסענע „חברים", דאָקטאָר שיף, גיסט אויס פאַר איהם זיין שווער הארץ, וועגען דעם וואָס ס'גליקט איהם ניט אין זיין ליעבע, און עצה'ט זיך מיט איהם, וואָס צו טהון. און דער פופצעהן יעהריגער לאַסאַל לייענט איהם אַ גאַנצע לעקציאָן וועגען דער פּאָליטיק אָן וועלכער מ'בעדאַרף זיך האַלטען, ווען מ'איז פערליעבט, בכדי מ'זאָל קענען מנצח זיין דעם איינגעיעקשנ'טען פערזאָן. אַ פעסטונג נעהמט מען גיכער ווי אַלץ מיט שטורם". — אַזאַ עצה גיט ער דעם „חבר" זיינעם.

די אַכטונג צו זיך, וואָס לאַסאַל האָט אומעטום בעמערקט, די בעזונדערע לאַגע, אין וועלכע ער האָט זיך געפונען צווישען די הויזגעזינד און בעקאַנטע, האָבען אין זיין כאַראַקטער געשאַפט איינינגע אונסימפּאַטישע שטריכען. זיי האָבען אין איהם ענטוויקעלט אַ צו גרויסע שטאָלציגקייט, אַ מורא'דיגע עקשנות און קאַפּריזהייט. צוליעב דעם האָט זאָגאַר איינמאָל פּאַסירט צווישען איהם, פערדינאַנדען, און זיינע עלטערן אַ לעבערליכער אינצידענט, וועלכער האָט דאָך געקאָנט זיך זייער טרויעריג פערענדיגען. דער יונגעל לאַסאַל איז צוגעשטאַנען צו דער מוטער, זי זאָל צורעכט מאַכען זיינעם אַ בגד, וואָס ער האָט געוואָלט אָנטהון. לאַסאַל האָט שטאַרק געוויינט. דאָס האָט זעהר געערגערט זיין פאָטער, וועלכער איז געווען שטאַרק ברוגז אויף לאַסאַלען דערפאַר, וואָס ער האָט ליעב געהאַט פּראַנטירען, און האָט איהם אַ קלאַפּ געטהון. „איך וועל ניט ערלויבען מיר אַזוי שלאָגען!" — האָט לאַסאַל אויסגעשריגען מיט טרעהרען אין די אויגען. דאָס האָט נאָך מעהר אויפגערייצט דעם פאָטער און ער האָט זיך נאָך אַ מאָל אַרויפגעוואָרפען אויף לאַסאַלען און איהם נאָך שטאַרקער אָנגעשלאָגען. לאַסאַל האָט זיך אָנגעטהון

און איז זיך גאַנץ רוהיג אַרויסגעגאַנגען פֿונ׳ם שטוב מיט דעם געדאַנק זיך אַריינוואַרפֿען אין טייך אַריין. דער פֿאָטער האָט זיך אָנגעשטויסען, אַז לאַסאַל האָט עפּעס פֿערטראַכט בייזע געדאַנקען, איז ער איהם נאָכגעגאַנגען; און כּמעט, אין דער לעצטער רגע איז ער אָנגעקומען. ער האָט געכאַפּט לאַסאַלען אַהיים, נאָר ער האָט מיט איהם גאָר ניט גערעדט; ער האָט איהם געגעבען צייט צו בערוהיגען זיך. און אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך לאַסאַל ווירקליך בערוהיגט. ער האָט שטאַרק חרטה געהאַט אויף דעם, וואָס ער האָט געוואָלט טהון. ער האָט זיך אַזש דערשראָקען, ווען ער האָט זיך דערמאַנט, וויפֿיעל צרות ער וואָלט געווען דערמיט פֿערשאַפֿט זיינע עלטערן. ער שרייבט נאָכדעם וועגען דעם אין זיין טאָג־בוך: — „גאָט! — האָב איך געטראַכט — וואָס פֿאַר אַן אומגליק וואָלט איך געווען געבראַכט אויף מיינע עלטערן, ווען איך זאָל זיך געווען נעהמען דאָס לעבען. אוי! איך ציטער אַזש, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם".

די איבעריגע שטאָלציגקייט וועלכע האָבען זיך אין איהם ענטוויקעלט, האָט געבראַכט דערצו אַז דער יונגער לאַסאַל זאָל זיך בעגעהן מיט צופֿיעל עזות קעגען יעדען, וועלכער איז איהם פֿאַר וואָס עס איז נישט געווען געפֿעלען, ער איז געווען אַ געפֿעהרליכער מענש אין אַ געזעלשאַפֿט. אַ „געבענטשטער" איז געווען דער, וועמען ס׳האָט זיך פֿערגלוסט בעריהרען איהם. ער האָט ניט אָבגעלאָזט דעם קרבן זיינעם ביז ער האָט פֿון איהם קיין תּל ניט געמאַכט. דאָס צופֿריהיקע בעקאַנטמאַכונג מיט די סאַמע געהיימע זייטען האָט מיטגעבראַכט דערצו, צו ערוועקען ביי איהם אַ זוינע תּאוות, פֿון וועלכער ער וואָלט נאָך ניט בעדאַרפֿט וויסען, אַריינפֿיהרען איהם אין אַ זוינע ווינקלען פֿונ׳ם לעבען, אין וועלכע ס׳איז נאָך געווען פֿאַר איהם צו פֿריה אַריינצוטרעטען אין זיי. ער האָט פֿון קינדוואַס אָן ליעב געהאַט צו לעבען אַ גוטען טאָג. ער האָט געהאַט גרויס בעקאַנטשאַפֿט מיט פֿיעל דאַמען, וועלכע פֿלעגען איהם בעשיטען מיט קאָמפּלימענטען. ער איז געווען אַ גרויסער מקפּיד אָנצוטהון זיך פּראַנטיש, פֿלעגט זיין אַ שטענדיגער גאַסט אין טעאַטער, גערן אויף אַלערליי קאָנצערטען און בעלער און טאַנצען דאָרט ביז די

גרעסטע „מיוחסת'טעם". ער האט אויך גאר נישט פיינט געהאט שפילען אין בּיליארד און אין קארטען, אזוי ווייט ניט פיינט געהאט, אז אפטמאל פלעגט ער ווייזען גאר גרויסע בריה־שאפטען, קונצען גאנצע: ער האט געקענט אין איין טאג שפּילען עטליכע מאל אי אין בּיליארד, אי אין קארטען און אי אין שאחמאט און אויסלויפען בּיי דער טאקי אויך עטליכע קאנדיטערייען.



אבּער ניט כסדר פרעהליך זיין, פערבּרענגען גוט, איז געווען דער עיקר אינהאלט פון לאסאלס גאר יונגע יאהרען. מעהר נישט אין איינצעלנע מאמענטען האט ער געלעבּט אין זיין קינדערשער וועלט, נאר צייטענווייז האבּען איהם צופריעדען געשטעלט זיינע שטיפערייען.

נאך גאר אין די קינדערשע יאהרען האט זיך בּיי איהם אנגעהויבּען אויסארבּייטען אנ'אייגענע וועלט־אנשויאונג. אויסער דער וועלט, אין וועלפער מ'האט געזעהען לאסאלען אלס פרעה־ליכען, לעבּעדיגען יונגעל, וועלכער האט ליעב געהאט גוט פערבּרייננגען, איז געווען נאך א וועלט, אין וועלכער לאסאל האט געלעבּט, א בּעהאלטענע וועלט, פון וועלכער קיינער א חוץ איהם האט ניט געוואוסט. נאך גאר אין די יונגע יאהרען האט זיך בּיי איהם אנגעהויבּען אויסארבּייטען א אייגענע וועלט־אנשויאונג שוין, דאמאלס האבּען זיך זיינע טיפע געפיהלען, זיין פייערדיגער טעמפּעראמענט אבּגערופען אויף אלעם, וואס איז פארגעקומען אין אלגעמיינעם לעבּען.

שוין אינ'ם 1840 יאהר, ווען לאסאל איז נאך אפילו קיין גאנצע פונפצעהן יאהר ניט אלט געווען, האט ער אנגעהויבּען פיהרען זיין טאג־בּוך, פון וועלכען איך האבּ שוין עטליכע מאל ציטירט. ער האט איהם אנגעהויבּען שרייבּען, ווען ער איז נאך געווען א שילער פון פינפטען קלאס אין דער בּרעסלער גימנאזיע, אין יאנואר פונ'ם 1840 יאהר, און האט איהם געשריבּען בּיז דעם פריהלינג אין 1841 יאהר.

זעהר אינטערעסאַנט איז דאָס ערשטע בלעטעל, וואו לאַסאַל ערקלערט דעם צוועק פון זיין טאָג-בוך. דאָס בלעטעל איבערראַשט אונז מיט דעם ערנסטען טאָן, וועלכער הערט זיך דאָרט.

„אין די בלעטלעך, וועל איך אַריינטראָגען אַלע „מיינע טהאַטען: מיינע פעהלערען און מיינע גוטע מַעֲשִׂים. „דאָ וועל איך ניט נאָר בעשרייבען, ווי ווייט נאָר ס'איז „מעגליך, ריכטיג מיין אויפפיהרונג — נאָר אויך ערקלערען „די מאָטיווען פון יעדער זאַך. פאַר יעדען איז וויכטיג, — „שרייבט ווייטער, — צו שטודירען זיין חאַראַקטער. אַזוי ווי „אין אַ ראָמאַן קען מען דערקענען דעם חאַראַקטער פון „פערשידענע מענשען נאָך זייערע מַעֲשִׂים און רייד נאָך, „אַזוי קען זיך יעדער מענש דערקענען, ווען ער לייענט „אויפמערקזאַם זיין טאָג-בוך, אויב נאָר ער האָט אַלעס „פינקטליך און ריכטיג בעשריבען. אויב איך האָב ' געטהון „עפּעס אַנ'עַוְלָה, וועט מיר דען ניט פלאַמען דאָס פָּנִים, „ווען איך וועל עס אַריינשרייבען אין טאָג-בוך? וועט מיר „דען ניט פלאַמען נאָך מעהר דאָס פָּנִים, ווען איך וועל „עס שפּעטער לייענען?"

און ווירקליך יעדע זאַך האָט ער אַריינגעטראָגען אין טאָג-בוך, אַלעס וואָס ער האָט עפּעס געטהון אַזוינס, וואָס איז כְּדַאי געווען אַריינגעטראָגען צו ווערען אין איהם. און דאָס טאָג-בוך איז דער וויכטיגסטער מאַטעריאַל, וועלכער בעקענט אונז גענוי מיט לאַסאַלס קינדערשע יאָהרען, מיט זיין גייסט-ליכער ענטוויקלונג, מיט זיין אינערליכער וועלט, וועלכע איז שוין אין די יאָהרען געווען אַזוי פיעל אַלערזייטיג, אַזוי פיעל רייך. דאָס טאָג-בוך בעווייזט אונז, אַז שוין אין די יאָהרען האָט ער זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די וויכטיגסטע לעבענס-פראַגען.

לאַסאַל האָט שוין דאַמאָלס אויך געהאַט אַ ליטעראַרישען געשמאַק. ער האָט פיעל געלייענט די קלאַסישע אַלגעמיינע ליטעראַטור. און איבער אַליץ, וואָס ער האָט געלייענט, האָט ער אַריינגעשריבען אין זיין טאָג-בוך, זיינע מיינונגען און אַנ-

טערקוננגען. די מײַנונגען צײַכענען זיך אויס מיט זייער טיעפֿקייט און גענויקייט. אויך האָט ער געשריבען אין איהם וועגען זײַנע אײַנדריקע, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגען, זײַענדיג אויף פֿער־שידענע אָפּערעס, און די מײַנונגען זײַנע וועגען דעם שפּיעלען פֿון די אַרטיסטען. די ליעבסטע שרײַבערס זײַנע זענען געוועזען הײַנע און בערנע. זיי האָבען געהאַט דעם גרעסטען אײַנפֿלוס אויף זײַן ענטוויקלונג. נאָר אַפֿילו אויך צו די בערימטע שרײַבער האָט ער זיך געקענט קריטיש בעציעהען, אַזוי ווי צו אַלע גרעסטע שריפֿטשטעלער פֿון זײַן צײַט. ער האָט שטאַרק ליעב געהאַט הײַנען פֿאַר זײַן טאַלענט, ער האָט איהם אָבער אויך קריטיקירט דערפֿאַר, וואָס ער האַלט זיך נישט תּמיד פֿעסט אין זײַנע מײַנונגען.

„איך האָב איהם ליעב, הײַנען – שרײַבט ער אין איין „אָרט, – ער איז מײַן צווייטעס איך. „וואָס פֿאַר אַ „שטאָלצע אידעען, וואָס פֿאַר אַ שטאַרקער כּח אין זײַן „שפּראַך! ער קען אַזוי שטיל שעפּטשען, ווי דער זעפֿיר, „ווען ער קוסט די ראָזען מיט אַזאַ פֿײַער אין טעמפּעראַמענט „שילדערט ער דאָס ליעבע־געפֿיהל. ער רופֿט אַרויס בײַ „אונז אַשטילען טרויער, נאָר אָבער אויך אַנ׳אונבעגרענצ־„טען כּעס. אַלע געפֿיהלען, אַלע בעוועגונגען פֿון דער „נשמה געפֿינען זיך אונטער זײַן שטאַרקער ממשלה, זײַן „איראָניע איז אַזוי גיפֿטיג, אַזוי טוידטענד, און אַט דער מענש דער הײַנע האָט אָפּגעטרעטען פֿון דער „פֿרײַהייט, ער האָט אַראָבגעריסען פֿון זײַן קאָפּ די רע־„וואָליוציאָנע הוט און האָט אָנגעטהון אויף זײַנע שענע „לאָקען אַ הוט בעפּוצט מיט גאַלונעס. פֿונדעסטוועגען „רעכען איך שטענדיג, אַז ער לאַכט דאַמאָלס, ווען ער זאָגט: „איך בין אַראַיאַליסט, איך בין ניט קיין דעמאָ־„קראַט"! מיר דאַכט זיך, אַז ס׳איז אַנ׳איראָניע און ס׳קען זײַן, אַז ס׳איז טאַקע אַזוי..."

## ג.

אַזוי ווי לאַסאַל האָט ליעב געהאַט לייענען, אינטערעסירען זיך
מיט אַלערליי פֿראַגען, אַזוי האָט ער פֿיינט געהאַט צופֿיעל צו חזר'ן
(אָקן עָ, זובּרעווען); ער איז כּלל קיין „לייטישער תּלמיד" געווען,
ער פֿלעגט אָפֿטמאָל דורכלאָזען גאַנצע לעקציאָנען. די לעקציאָנען,
וואָס מ'פֿלעגט פֿערגעבען אין שול, פֿלעגט ער ניט אויסלערנען
אין דערהיים: ער פֿלעגט זיי מאַכען זיצענדיג אין גימנאַזיע,
וואָס דאָס פֿלעגט איהם שטערען זיך צו צוהערען צו די נייע
לעקציאָנען, וואָס די לעהרער האָבען פֿערגעבען אויף מאָרגען. די
שריפֿטליכע אַרבּייט פֿלעגט ער, פּשוט, איבּערשרייבּען בּיי די
חברים, וועלכע ער פֿלעגט ניט נוקם זיין, ווען עמיצער פֿון זיי
האָט איהם אין דעם אָנגעזאָגט. דערצו נאָך זיין שטאָלץ, זיין
האַלטען זיך ניט ווי קיין תּלמיד, זיין רעוואָליוציאָנערער אופֿן=
דענקען — דאָס אַלעס האָט אויפֿגערייצט געגען איהם די רע=
אַקציאָנערע פּעדאַנטען. די לעהרער פֿון דער בּרעסלער גימנאַזיע,
אין וועלכער ער האָט געלערנט, זיי האָבען געקוקט אויף
לאַסאַלן, ווי אויף אַ געוועהנליכען שילער, האָטש זיי אַלע
האָבען מודה געווען אין זיינע געניאַלע פֿעהיגקייטען. זיי, וועלכע
האָבען געלעבּט מיט די קליינליכע אינטרעסען פֿון דער שולע,
האָבען נישט געקענט פֿערשטעהן דעם לעבּעדיגען לאַסאַל,
וועלכער איז שוין געווען גייסטליך צו גרויס אויסגעוואַקסען, ער
זאָל זיך קענען אינטערעסירען מיט די „לעהר=בּיכלעך", און זאָל
קענען טראָגען אויף זיך די דיסציפּלינע פֿון דער שולע, גלייך
מיט אַלע אַנדערע שילער. די אַלע „חכמות", וועלכע מ'האָט
איהם געלעהרנט דאָרט, האָבען געקענט האָבען בּיי איהם אַ
שעהנעם פּנים דאַמאָלס, ווען ער האָט זיך שוין אינטערעסירט מיט
פּאָליטישע פֿראַגען דאַמאָלס, ווען ער האָט שוין אָנגעהויבען
טראָגען די מענשהייט אויף זיינע פּלייצעס. די לעהרער אָבער
האָבען איהם נישט פֿערשטאַנען און זענען זיך מיט איהם זעהר
שלעכט בּעגאַנגען, צוליעב וואָס עס פֿלעגען פֿאָרקומען אָפֿטמאָל
גרויסע מלחמות צווישען איהם און זיי. און וואָס ווייטער איז די
לאַגע זיינע געוואָרען ערגער און ערגער. די לעהרער זענען איהם

געוואָרען, פּשוט, שׂונאים אויפ'ם לעבען. זיי פלעגען נאָכזוכען אַלערליי בּלבולים, בּכדי זיי זאָלען זיך קענען צוטשעפּען צו איהם.

נאָר נישט תּמיד האָט איהם די שלעכטע אויפפיהרונג פון די לעהרער געגען איהם שטאַרק געקרענקט. נאָך ווייניגער האָט ער זיך גענומען צום האַרצען פון דעם, וואָס זיי האַלטען פון איהם ניט. ער האָט זיי מבטל געווען. ער האָט זיך געהאַלטען העכער פאַר אַלע לעהרער מיט אַלע שילער אינאיינעם, אַזוי אַז צייטענווייז האָט ער איך גאָר ווינציג געליטען פון דעם, וואָס זיי פלעגען איהם מבזה זיין פאַר'ן גאַנצען קלאַס. „איך בּין אַ בּאַרבּאַר דאָ", — חזר'ט ער איבער אָפטמאָל אין זיין טאָג-בּוך מיט אַ בּעזונדערער גאווה, — „וואָרום מ'פערשטעהט מיר ניט". וואָלטען די לעהרער געווען איהם שטעלען גוטע בּאַלען, וואָלט ער אפשר גאָר אין גאַנצען קיין יסורים ניט געווען געהאַט, וואָס מ'איז זיך מיט איהם שלעכט בּעגאַנגען. דאָס אומגליק איז אָבער געווען, וואָס זיי האָבען איהם געשטעלט שלעכטע בּאַלען. און אַט פון די בּאַלען האָט ער פיעל גייסטליכע שמערצען געליטען. נאַטירליך ניט דערפאַר, וואָס איהם אַליין האָט געפעהלט אַ גוטער אַטעסטאַט, נאָר צוליעב די עלטערן, וואָס ער האָט זיך תּמיד אַזוי געהיט, זיי ניט צו פערשאַפען קיין שמערצען. דער פּחד, וואָס לאַסאַל האָט מורא געהאַט, זיינע עלטערן זאָלען ניט האָבען יסורים, אַז זיי וועלען זיך דערוויסען, אַז ער לערנט זיך שלעכט, האָט מיטגעבראַכט דער צו, אַז ער זאָל נאָכמאַכען דער מוטערס אונטערשריפט אונטער די בּאַלען. און ווען די לעהרער האָבען נעפאָדערט, אַז ער זאָל בּרענגען דווקא דיי'ם פאָטערס חתימה, האָט ער אויך דעם פאָטערס חתימה נאָכגעמאַכט. „אַזוי", — לצ'ט לאַסאַל אָב אין זיין טאָג-בּוך, — „האָב איך אויף מאָרגען געבּראַכט דעם טאַטענס חתימה, ד"ה אייגענטליך: מיינע, היות, אַז איך אַליין, ווען מ'בּעדאַרף — בּין איך דער טאַטע, אי די מאַמע און אי דער זוהן"... די פאַלשע חתימות האָבען געקאָסט לאַסאַלן פיעל געזונד. ער האָט דערפון גייסטליך פיעל געליטען. ער איז געווען מאָראַליש צו שעהן צו טהון אַזאַ זאַך. דאָס איז געווען אַ שרעק-

ליבער קרבן פאַר איהם. נאָר ער האָט איהם אָבער געמוזט ברענגען צוליעב די עלטערין זיינע.

דער פאָטער הויבט אָן חושד זיין פערדינאַנדען, זעהענדיג, ווי ער בעהאַלט פאַר איהם די באַלען זיינע. ער וויל שרייבען וועגען דעם צום דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע. פערדינאַנדען איז געוואָרען זעהר שלעכט, די שמערצען זיינע זענען געוואָרען אַזוי גרויס, אַז ער בעשליסט נעהמען זיך דאָס לעבען. נאָר דערמאַנענדיג זיך אָן די עלטערין, וואָס פאַר א גרויסער אומגליק דאָס וועט זיין פאַר זיי, האָט ער ווידער איבערגעטראַכט. — „זיי פעסט, ווען ס'טרעפט דיך דאָס אומגליק, — הערט ער איבער ווירגול'ס ווערטער, — כּדי זאָלסט קענען דערלעבען דאָס גליק." — ער האָט זיך מודה געווען פאַר זיינע עלטערין און האָט פערשאָלטען דעם טאָג, אין וועלכען ער האָט צום ערשטען מאָל זיך בעשלאָסען צו אַזא שענדליכען טריט, ווי נאָכמאַכען די חתימה פון די עלטערין.

נאָכדעם האָט פערדינאַנד'ס פאָטער בעשלאָסען ארויס צו נעהמען איהם פון דער גימנאַזיע און איבערפיהרען אין אַנ'אַנדער שטאָדט אין אַ קאָמערץ-שול. פערדינאַנד האָט שוין לאַנג געבעטען וועגען דעם דעם פאָטער זיינעם, ווילענדיג פּטור ווערען פון דער שווערער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען אין דער גימנאַזיע. דער פאָטער אָבער האָט ניט געוואָלט ערפילען זיין בקשה; ער האָט געהאַלטען פערדינאַנדען פאַר זעהר פעהיג צו שטודירען, דעריבער האָט ער איהם ניט געוואָלט מאַכען פאַר קיין סוחר. יעצט אָבער האָט ער שוין געמוזט מסכּים זיין אָב צו געבען איהם אין אַ קאָמערץ-שולע.

* *

*

אין'ם חודש מאי פונ'ם 1840 יאָהר האָט זיך שוין פערדינאַנד געפונען אין דער לייפּציגער קאָמערץ-שולע. די ערשטע צייט האָט ער זיך דאָרט געפיהלט זעהר גוט. אין זיין טאָג-בוך שרייבט ער זעהר פיעל גוטס וועגען דעם דירעקטאָר פון א פּריוואַט רעאַל-שולע גאַנדער, אין פּאַנסיאָן פון וועלכען ער האָט זיך אז פגעהאַלטען,

און וועגען זיין פרוי. „זיי בעגעהען זיך מיט מיר — שרייבט ער אין זיין טאג־בוך — נישט ווי מיט קיין פונפצען יעהריגען יונגעל, נאר ווי מיט א צוואנציג יעהריגען יונגען מאן". דער פאר אבער גאר אין א קליין שטיקעל צייט האט ער שוין אנגעהויבען פיעל ליידען. די מאדאם גאנדער, וועלכע איז געוועזן גאר אנ׳ „אשה כשרה וצנועה" האט ניט געקענט פערליידען לאסאל׳ס „סדר היום", אין וועלכען ס׳האט אמאל געקענט אריינקומען עטליכע מאל שפיעלען אין ביליארד און אין קארטען, און פלעגט אפטמאל לייענען איהם נאטאציעס אפילו אויף א ביסעל צו הויכען טאן. נאטירליך, אז לאסאל האט ניט געלאזט, אז ס׳זאל איהר ארויסקומען, אזוי, אז ס׳איז געוועזן תמיד צווישען זיי קריג. נאך ערגער איז איהם געוועזן אין שולע. דא איז איהם געוועזן נאך ערגער ווי אין ברעסלוי, נישט קוקענדיג דערויף, וואס ער האט זיך יעצט גוט געלערנט: ער האט יעצט נישט נאר ניט איבערגעשריבען ביי יענעם, נאר אלע האבען יעצט איבערגעשריבען ביי איהם. זיינע קענטניסע, זיינע פעהיגקייטען, זיין ענטוויקלונג האבען באלד אנערקענט אלע לעהרער, אזוי, אז מ׳האט איהם באלד אהן עקזאמען איבערגעפיהרט אין א העכערען קלאס, — נאר נישט קוקענדיג דערויף וואס ער האט זיך גוט געלערנט, זענען פיעל פון די לעהרער זיך בעגאנגען מיט איהם גראב און איהם פיינט געהאט. די לעהרער פון דער קאמערץ־שול, ווי דער רוב פון אלע לעהרער אויף דער פראווינץ אין יענער צייט, זענען געוועזן וויסטע פעדאנטען, וועלכע האבען ווייטער ווי פון זייער נאז קיינמאל ניט געקוקט, אזוי, אז נאך זייער פערשימעלטער פסיכאלאגיע האבען זיי נישט געקענט שעטצען און ליעב האבען אזא טיפ, ווי לאסאל. אויך דאס בעוואוסט זיין לאסאלס, זיין שטאלצירען האבען געקענט זיין א סבה זיי זאלען איהם ווערען שונאים. מעהר פון אלע האט זיך אן איהם נוקם געוועזן דער דירעקטאר פון דער שולע שיבע, וועלכער איז געוועזן א שרעקליכער כעכן, זעהר א גראבער און א שלעכטער מענש, וואס אלע תלמידים האבען איהם פיינט געהאט. דער אידיאל זיינער איז געוועזן מיליטער־דיסציפלין, דערצו איז ער געוועזן א גרויסער אנטיסעמיט, ער האט שרעקליך פיינט געהאט יודען, איז שוין גרינג צו פערשטעהן, אלזא, ווי וויים דער

פריער, דער לעבעדיגער לאסאל איז איהם געווען צום הארצען.

דער ערשטער צוזאמענשטויס צווישען לאסאלען און שיבען איז געווען א דאנק דעם וואס ער האט געבעטען מ'זאל איהם פון דער שול-ביבליאטעק געבען צו לייענען קערנעלען און וואלטערען. אויך האט ער געבעטען מ'זאל איהם ערלויבען זיך צו לערנען ענגליש. שיבע האט אבער געפונען, אז ס'איז נאך צו פ'ה פאר לאסאלען צו לייענען די ביכער, און ענגליש לערנען ?ך האט ער געפונען אין גאנצען פאר איבריג און, בכלל, האט ער איהם געזאגט, אז „א סוחר, וועלכער לייענט סאקראטען און ציצעראן מוז באנקראטירען".

שיבע האט אויך אוועקגעלעגט זיין גאנצען קאפ ער זאל אויסווארצלען פון לאסאלען זיין שטאלצען מיינונג יועגין זיך, ער האט איהם אין גאנצען געוואלט מאכען צו נישט. און שרעקליך ווילדע מיטלען האט ער אויסגענוצט צו עררייכען דעם צוועק זיינעם, ער האט צייטענווייז געמאכט איהם ממש מיט דער בלאטע גלייך, ער האט מיט די פיס געטרעטען זיין כבוד און מוטה אין דער געגענווארד פון אלע לעהרער און שילער. איינמאל איז ער אנגעפאלען אויף לאסאלען איבער גאר א נארישקייט מיט אזוינע זידלערייען, מיט אזוינע קללות און חרמות, אז דער גרעסטער בעל עגלה וואלט שוין געקענט מיט זיי יוצא זיין, ווען ער קריגט זיך. „האלט די צונג צווישען די ציינען, א ניט וועל איך דיר ארויסווארפען פון יענער זייט טהיר... דו וועסט חאפען פון מיר אזא פאטש, אז דער קאפ דיינער וועט דיר אראבפאלען„. און רעדענדיג די ווערטער האט ער אויסגעצויגען די האנד צו געבען איהם א קלאפ. מ'קען זיך פארשטעלען וואס פאר א' איינדרוק די סצענע האט געמאכט אויף לאסאלען, וועלכער איז ביי זיך געווען אזוי שטאלץ, וועלכער האט זיך געהאלטען, האבענדיג פאלקאמענע רעכט אויף דעם, אסך העכער פון טויזענט אזעלכע שיבעס אינאיינעם.

„אין דער מינוט האט מיר נאר איין געדאנק אוועקגענומען
„אין גאנצען, וואס איך זאל טהון, ווען ער וועט מיר
„ווירקליך געבען א פאטש: צו צונעהמען איהם רוהיג,
„איבערטראגען די בושה פאר דעם גאנצען קלאס, אדער

„ענטפערען איהם מיט דעם זעלבען? נאר אויב איך וועל
„טהון דאס לעצטע, — וואס וועט זאגען מיין פאטער, מיין
„ארימער פאטער, ביי וועלכען איך בין די איינציגע האפנונג,
„ווענען איך האב צוגעזאגט נאר פערגניגען צו פערשאפען!"

די ווערטער האט ער אריינגעשריבען אין זיין טאג־בוך
נאך דעם אויבענדערמאנטען אינצידענט אין שולע.

אנ'אויסנאהם פון אלע לעהרער איז געוועזן ג י ל ס י ע, דער
לעהרער פון מאטעמאטיק, ער איז נישט לאנג געוועזן אין שול
פאר לאסאלס צייט. נאר אויך לאסאלען ווי אויך די אלע
איבריגע שילער האט שטארק באנג געטהון, דאס וואס ער לאזט
אוועק די שולע. נאך זיין לעצטע לעקציאן, האט לאסאל מיט
איהם געהאלטען א רעדע וועגען זיין כבוד אינ'ם נאמען פונ'ם
גאנצען קלאס. אזוי האט לאסאל שוין צו פונפצען יאהר געמאכט
דעם ערשטען דעבויט זיינעם אלס אראטאר.

„וועגען וואס איך האב גערעדט, שרייבט ער אין זיין טאג־
„בוך, — געדיינק איך שוין ניט, ווארום איך האב געמוזט
„רעדען ניט צוגעגרייט זיך פריהער צו דעם, דאס איז
„געוועזן א מינוט בעגייסטערונג. נאר נאך דעם איינדרוק,
„וואס מיין רעדע האט געמאכט אויף גילסיען, דאס
„צופריעדענהייט און דאס דאנקען פון דעם גאנצען קלאס
„האבען מיר איבערציינגט, אז איך האב געהאט א גרויסען
ערפאלג.

---

ד

אין אלגעמיין, האט לאסאל אין לייפציג נישט שלעכט
געלעבט. די שלעכטע בעהאנדלונג פון די לעהרערס האט איהם
געקענט נאר אויף מינוטען ערגערן, אבער ניט שאפען איהם
א שווער געמיט.

ער האט זיך תמיד געפיהלט שטארק, פריש, געזונט. פוהל
מיט מוטה און פייערדיגע ענערגיע.

אין לייפציג האט ער אויך איבערגעלעבט די הויכע מינוטען

פון דער „ערשטער, יונגער ליבע״. זיין האַרץ איז שטאַרק צו געצויגען געוואָרען צו זיינעם חבר'ס אַ שוועסטער מיט דעם נאָמען ראָזאַליע. די צייט, וואס ער האט מיט איהר פערבראַכט, האט זיך ביי איהם געדענקט פאַר גאָר די גליקליכסטע צייט אין זיין לייפּציגער לעבען, וועגען וואס ער האט אָפט דערמאַנט אין זיין טאָג־בוך. נישט וועניג פערגניגען האט ער אויך געהאַט דערפון, וואס ער איז געווען אָנגעזעהען ביי זיינע בעקאַנטע און האט זיך געהערט אין שטאָדט. די חֲבֵרים זיינע, וועלכע האָבען די ערשטע צייט זיך פערהאַלטען צו איהם מיט פיינדשאַפט, האָבען באַלד איבערגעביטען זייער בעציהונג, זיי האָבען געפונען לאַכאַרען אַזוי ווייט העכער פאַר זיך, אַז זיי האָבען שוין איהם גאָר ניט געקענט, אַפילו, מְקַנֵא זיין.

„אַפילו די, — שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך, — וועלכע פלעגען פון מיר לאַכען, זעגען יעצט געוואָרען מיינע בעסטע גוטע פריינד. ווען מיין שטאַרקער גלויבען צו זיך וואָלט מיר ניט שטיצען, וואָלט איך שוין לאַנג געוואָרען אַ מיזאַנטראָפּ״.

זיין גלויבען האָט זיך ביי לאַסאַלען געשטאַרקט פון טאָג. דאָ אין לייפּציג זעגען איהם מעהר קלערער געוואָרען זיינע שטרעבונגען. פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרען פעסטער ביי זיך, אַז ער איז בעשאַפען געוואָרען אויף עטוואַס גרויסעס.

„איך רעכען, לְגַמְרֵי, ניט, אַז איך בין מְחוּיָב זיך אָבזאָגען
„פונ'ם געזעלשאַפטליכען־עסטעטישען און פּאָליטישען—
„לעבען — שרייבט ער אין דער צייט אין זיין טאָג־בוך. — די
„הַשְׁגָחָה וועט מיר אָפּרייסען פונ'ם קאָנטאָר'ל און וועט
„מיר אַריינפיהרען אין דער ברייטער וועלט, אין וועלכער איך
„וועל ווירקען. איך גלויב אין צופאַל און אין מיין שטאַרקען
„וואונש צו בעשעפטיגען זיך מעהר מיט די מוזעס, איידער
„מיט די „גראָסבּיכער״, דאַאֲגֶה'ן בעסער וועגען דער
„פרייהייט, איידער וועגען די פרייזען פון סְחוֹרָה״.
„ניין, שרייבט ער אין אַ צווייטע שטעלע יענער אין צייט, — איך
„וועל אויסרופען פרייהייט פאַר גאַנץ פעלקער, האָטש ס'זאָל
„מיר אויסקומען צו פאַלען אַ קָרְבָּן אויף דעם מִזְבֵּחַ פון
„דעם אידיאַל. איך שווער ביי גאָט! און פערשאָלטען זאָל

„איך ווערען אויב איך וועל עובר זיין די שבועה. אה,
„פראנקרייך, דאס לאנד פון מיינע פאנטאזיען און מיינע
„וואונשען! ווי ציהט מיך צו דיר".
„ערשט איז ביי מיר קלאר, – שרייבט ער מיט א בלעטעל
„ווייטער, – אז איך וועל זיין א שריפטשטעלער, יא איך וויל
„ארויסטרעטען פאר דעם דייטשען פאלק און פאר אלע
„אנדערע פעלקער און מיט פייערדיגע רעדעס רופען זיי אויף
„דער מלחמה פאר די פרייהייט... פון פאריז, דאס ארט
„פון פרייהייט, וועל איך זיך ווענדען, ווי בערנע, צו
„אלע פעלקער"...

אט אזוי קלאר איז איהם שוין געווען דאס פראגראם פון זיין ארבייט אין דער צוקונפט. אזוי שטארק האט ער שוין געגלויבט, אז ס'איז שוין אנ' עבירה די צייט, וואס ער פערברענגט אין קאמערץ-שולע, אז ס'איז שוין צייט ער זאל זיך אנהויבען גרייטען, צו מאכען דעם ערשטען אריינטריט אינ'ם געזעל-שאפטליכען לעבען.

ס'איז איהם אבער געווען שלעכט צוליעב די עלטערן, וועלכע זיין לעבען אין לייפציג האט געקאסט אזוי פיעל געלד, ער האט געוואוסט, אז ער וועט זיי אנטהון זעהר גרויסע עגמת נפש, אויב ער וועט ווידער אנהויבען רעדען מיט זיי וועגען נייע פלאנען. ער האט דעריבער בעשלאסען צו בלייבען אין דער שולע „ביז די השגחה אדער א צופאל וועלען איהם ארויספיהרען אויף דעם נייעם וועג", צו וועלכען ער האט געגארט.

און דער צופאל איז געקומען.

אינ'ם פריהלינג פונ'ם 1841 יאהר האט ער זיך בעקענט מיט איינעם א דאקטאר מייער, וועלכער איז געווען זעהר א געבילדעטער און טאלענטפאלער יונגער מענש, און מיט דעם פאעט מאיען, מיט וועלכע ער האט זיך שטארק בעפריינדעט. אט די בעקאנטשאפט האט געהאט אנ' איינפלוס, אז לאסאל זאל ווירקליך ארויסטרעטען אויף דעם וועג, אויף וועלכען ער האט בעדארפט געהן. זיי האבען איהם געראטען, באלד אוועק צו ווארפען די קאמערץ-שולע און אבגעבען זיך צו וויסענשאפטען. ער האט בעשלאסען, מודיע צו זיין דעם פאטער וועגע זיינע פלאנען, נאר

ערפֿיל׳ט זיין בעשלום האָט ער ערשט אין דריי חדשים אַרום. אין דער צייט האָט ער פֿיעל געלעזען, געלערענט און מיט גרויס חשק געשטודירט די קלאַסישע ליטעראַטור. ער האָט אַפֿילו שוין פֿערגעסען זיין טאָג־בוך, אַזוי האָט ער קיין צייט ניט געהאַט. די לעצטע בלעטלעך אינ׳ם טאָג בוך זענען געווידמעט דעם געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיין פֿאָטער, ווען יענער איז געקומען אין לייפּציג, נאָכדעם, ווי ער האָט ערהאַלטען פֿון לאַסאַלען דעם בריעף וועגען זיינע נייע פּלאַנען.

„היינט איז געקומען מיין פֿאָטער. איך האָב איהם מודיע
„געווען מיין וואונש. צום ערשטען האָט עס איהם איבער־
„ראַשט, נאָכדעם האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט זיך מיישב זיין
„וועגען דעם. איך בין פֿערגאַנגען זעהר וויים און האָב
„איהם געזאָגט, אַז טראַכטען איז דאָ ניטאָ וואָס, ס׳איז מיר
„נויטיג נאָר זיין איינשטימונג, וואָרום איך וועל אין קיין פֿאַל
„זיך ניט אָבזאָגען פֿון מיין בעשלוס... דער פֿאָטער מיינער
„האָט מיר אויף דעם געענטפֿערט, אַז ער האָט געהאָפֿט,
„אַז איך וועל אַראָבנעהמען פֿון זיינע פּלייצעס די משׂא,
„וועלכע הויבט איהם אָן אַזוי שטאַרק צו דריקען. ער איז
„שוין מיעד געוואָרען אין דער לעבענס־מלחמה. ער וואָלט
„אַזוי וועלען זיך שוין אָברוהען, דעריבער, אויב איך וועל
„זיך יעצט איינשפּאַרען אין מיין בעשלוס, וועט ער ווייטער
„דאַרפֿען אָנהויבען שווער צו אַרבייטען. גאָט מיין גאָט,
„וואָס איך האָב איבערגעלעבט דאַמאָלס! איך האָב אָבער
„אַנדערש נישט געקענט. איך האָב איהם געגעבען צו
„פֿערשטעהן, חאָטש דאָס האַרץ האָט מיר ביי דער זעהר
„וועה געטהון, אַז איך מוז פֿאָלגען מיינע נייגונגען, איך
„מוז ווערען דאָס, וואָס איך דאַרף זיין. ער האָט מיר
„אַ פֿראַגע געטהון, וואָס וויל איך לערנען. „די גרעסטע און
„די בריימסטע וויסענשאַפֿט פֿון דער וועלט, וועלכע איז
„שטאַרקער פֿון אַלע אַנדערע וויסענשאַפֿטען, געבונדען מיט
„גאָר די היילינגסטע אינטערעסען פֿון דער מענשהייט, —
„היסטאָריע — האָב איך איהם געענטפֿערט. דאַמאָלס האָט
„ער מיר געפֿרעגט, פֿון וואָס וועל איך לעבען, אין פּרייסען

„װעל איך דאָך קײן פּראָפעסאָר ניט קענען זײן, און
„מיט די עלטערן װאָלט איך ניט װעלען זיך צו שײדען.
„פערדרײזען אין מרחקים. אָה, מײן גאָט! װען איך װאָלט
„נאָר קענען אױסמײדען דאָס צושײדען זיך מיט זײ! איך
„האָב איהם געענטפערט, אַז איך װעל כּסדר קענען האָבען
„אױף צו לעבען. ער האָט מיר געפרעגט, פאַר װאָס װיל
„איך ניט װערען אַ דאָקטאָר אָדער אַנ׳ אַדװאָקאַט. אַ
„דאָקטאָר אַזױ אױך אַנ׳ אַדװאָקאַט — האָב איך איהם
„געענטפערט, זענען סוחרים, װעלכע האַנדלען מיט זײערע
„קענטניסע, און איך װיל לערנען נאָר צוליעב דעם
„לערנען, צו ליעב טהעטיגקײט. דער פאָטער האָט מיר
„געפרעגט, צו איך רעכען ניט זײן אַ פּאָעט „נײן, — האָב
„איך געענטפערט, — איך װיל זיך פערנעהמען מיט
„פּובליציסטיק. — יעצט, האָב איך געזאָגט, יעצט איז
„געקומען אַזאַ צײט, װאָס מ׳דאַרף קעמפּפען פאַר די
„הײליגע צװעקען פון דער מענשהײט. דאָס איז ניט
„אַ קאַמפּף פון אַ גראָבער פיזישער קראַפט, נאָר דאָ װערט
„געקעמפּפט מיט די קראַפט פון׳ם פערנונפט אין יעדעם
„לאַנד, בײ יעדען פאָלק טרעטען אַרױס מענשען, װעלכע
„קעמפּפען מיט דעם כּח פון װאָרט; זײ זענען מנצח, אָדער זײ
„פאַלען צו דר׳ערד. דאָס איז אַ קאַמפּף פאַר די ערהליכסטע
„צװעקען פון דער מענשהײט און זי פיהרט זיך מיט ערהליכע
„מיטלען. לאָזט שױן אונז בילדען, ענטװיקלען די פעלקער.
„דער פאָטער האָט לאַנג געשװיגען, נאָכדעם האָט
„ער געזאָגט:

„מײן זוהן, װאָרום זאָלסט דו זײן אַ קרבן פון דעם גרױסען
„אידעאַל, דו, אונזערע אײנציגע האָפנונג, אונזער אײנציגער
„טרײסט אין לעבען?

„פאַר װאָס איך דאַרף זײן אַ קרבן? פאַר װאָס? דער
„פאַר, װאָס איך הער בײ מיר אין האַרצען דאָס קול פון גאָט
„רופט מיר אין דער מלחמה; דערפאַר, װאָס גאָט האָט
„מיר געגעבען כּוחות, װעלכע איך פיה. עס — מאַכען מיר
„פעהיג צו קעמפּפען, דערפאַר, װאָס איך קען מלחמה

„האַלטען און לײַדען פאַר עהרליבע צוועקען; מיט אײן
„וואָרט, דערפֿאַר, ווײַל איך קען ניט אַנדערש„ .

„אָט מיט די פײַערדיגע ווערטער פערענדיגט ער זײַן טאָג=בוך. נאָר אויב זײ זענען נאָך אָנגעזאַפּט מיט די אידעען פונ׳ם דאַמאָלסדיגען ליבעראַליזם, חאָטש, אֶמֶת, פון גרויסען, ברײטען ליבעראַליזם, האָט ער אָבער אינ׳ם פערלויף פון די קומענדע צוועי יאָהר געמאַכט די לעצטע טריט אין זײַן ענטוויקלונג פון זײַן וועלט=אַנשויאונג. ער איז ניט געבליבען אויף דעם האַלבען וועג. אין צוועי יאָהר אַרום איז ער שוין געווען דורכ= געדרונגען מיט די סאָציאַליסטישע אידעען אין דער פאָרם, אין וועלכער זײ האָבען זיך אויסגעדריקט אין דער דאַמאָלסדיגער סאָציאַליסטישע פרעסע, וועלכע האָט זיך ערשט דאַמאָלס אָנגעהויבען ענטוויקלען.

לאַסאַל האָט פערלאָזט די קאָמערץ=שולע אינ׳ם חודש אויגוסט פונ׳ם 1841 יאָהר. ניט געבענדיג צו וויסען דערפון אפילו דעם דירעקטאָר. ער איז צוריק געקומען אין ברעסלוי, צו גרײטען זיך, ער זאָל קענען אַרײַן אין דעם דאָרטיגען אוניווערזיטעט. אין אַ יאָהר אַרום האָט ער שוין אויסגעהאַלטען דאָס עקזאַמען און האָט זיך שוין גערעכענט פאַר אַ סטודענט פונ׳ם פילאָזאָפישען פאַקולטעט, דאָ האָט ער שוין געמאַכט דעם ערשטען דעביוט צו פיהרען פראָצעסען. ער האָט געהאַלטען אַ רעדע אין אַ סטודענטישער פערזאַמלונג צו פערטײדיגען דעם פילאָזאָף פֿײַערבאַכען געגען די בלבולים, מיט וועלכע ס׳איז אויף איהם אָנגעפאַלען אײנער פון די פראָפעסאָרען פונ׳ם אוניווערזיטעט, אין וועלכען ער האָט געלערנט.

די ליעבסטע למודים זענען בײַ איהם געווען: פילאָלאָגיע, היסטאָריע און פילאָזאָפיע. די לעצטע צײַט האָט ער זיך איבער= געגעבען אין גאַנצען צו פילאָזאָפיע. אין ברעסלער אוניווערזיטעט איז ער ניט לאַנג געווען. ער איז איבערגעפאָהרען קײַן בערלין, כדי ער זאָל קענען אַרבײַטען אין די דאָרטיגע ביבליאָטעק, וואָרום שוין דאַמאָלס האָט ער פערטראַכט גרויסע וויסענשאַפטליכע ווערק. צווישען די בערלינער סטודענטען איז ער געווען דער אָנגעזעהענסטער. בײַ איהם פלעגט מען זיך אָפטמאָל צוזאַמען

קלויבען און מ׳ פלעגט זיך מתוכּח זיין וועגען הויכע ענינים. גאַנץ אָפט פלעגט מען אויך מאַכען סעודה׳לעך ביי איהם און פערברייננגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. לאַסאַל האָט געלעבט אויך אין בערלין אַ רייך און אַ קאָכיג לעבען. ער פלעגט צו אַנדערע געהן אין געסט, און אַנדערע פלעגען צו איהם קומען אין געסט. אָבער דאָס איז נאָר געווען צייטענווייז, אין די מאָמענטען, ווען ער האָט בעדאַרפט רוהען. די גרעסטע טייל האָט ער פערבראַכט איבער ביכער. ער האָט כּסדר געלייענט און געלערנט און ענטוויקעלט זיינע געניאַלע פעהיגקייטען. לאַסאַל האָט אויסגענומען ניט נאָר ביי די קאָלעגען זיינע—די סטודענטען, נאָר אויך ביי יעדען, וואָס האָט איהם געקענט. און געקענט האָבען איהם שוין דאַמאָלס כּמעט אַלע געהויבענסטע מענשען אין בערלין. ער פלעגט זיך געפינען אינאיינעם מיט די גרעסטע געלעהרנטע פון בערלין, וועלכע זענען געווען ענטציקט פון זיין טיעפער לאָגיק, פון זיין פליהענדיגען שכל און פון זיין שענעם רעדע-קונסט. איינער פון די גרעסטע געלעהרטע אין זיין צייט, אַלכּסנדר פון הומבאָלדט, פלעגט איהם נישט אַנדערש רופען, ווי „דאָס וואונדער-באַרע קינד״.

זייענדיג נאָך אַ סטודענט, האָט ער שוין צו געטרעטען צו דער קאָלאָסאַלער ווערק זיינער, וועלכער ער האָט פערטיג געמאַכט ערשט אין פערצעהן יאָהר אַרום, ווענען אַ גריכישען פילאָזאָף, וועלכער האָט געלעבט מיט דריטהאַלבען טויזענט יאָהר צוריק. ער ווערט אָנגערופען „העראַקליט דער פינסטערער״, ווייל ס׳איז איהם זעהר שווער צו פערשטעהן. די אַרבייט איז אַ שווערע נישט נאָר פאַר אַ יונגען סטודענט, נאָר אפילו פאַר אַן עלטערן גרויסען געלעהרטען. מ׳בעדאַרף זיין בעקאַנט מיט דער גאַנצער אַלטער קלאַסישער פילאָזאָפיע, איהם-העראַקליטען משיג צו זיין; ווער שמועסט נאָך דאַמאָלס, ווען מ׳וויל שרייבען אַ ספּעציעלע אַרבייט וועגען איהם. נאָר טאַקי דיא שוועריקייט פון דער אַרבייט האָט אַזוי געצויגען לאַסאַלען צו נעהמען זיך פאַר איהר.

„דאָס וואָס לאַסאַל האָט זיך גענומען צו אַזאַ שווערע אַרבייט, איז זעהר חאַראַקטעריש פאַר איהם, — שרייבט בערנשטיין, — דאָס ווייזט, ווי וויים ער האָט טיעף געגלויבט אין זיינע כּוחות.

אויך ווייזט עס, ווי ווייט ער איז געווען איבערגעגעבען די אידעען פון דער מענשהייט: פאר דער ערשטער ארבייט זיינער האט ער זיך אויסגעקליבען אזא דענקער, וועלכער האט אין אזא שארפער פארם ארויסגעזאגט אט דעם רעוואליוציאנערען געדאנק, אז אלעס אין דער וועלט געפינט זיך אין א שטענדיגער ענטוויקלונג, אז אלעס בייט זיך און ענדערט זיך".

אין 1844 יאהר האט לאסאל געענדיגט דאקטאר פילאסאפיע. ער איז דאמאלס אלט געווען ניינצעהן יאהר. נאכדעם וואס ער האט געוואהנט א קליינע צייט אין דיסעלדארף, איז ער געפאהרען נאך פאריז. כדי צו ארבייטען דארט אין דער נאציאנאלער ביבליאטעק. דארט האט ער זיך בעקאנט מיט דעם גרעסטען פאעט פון יענער צייט — מיט היינריך היינען. און אויך דער גרויסער סאטיריק, וועמענס ס'איז געווען אזוי שווער צו געפעלען, אויך אויף איהם האט לאסאל געמאכט א גרויסען איינדרוק. דער שלאפער, נערוועזער פאעט פלעגט שעה־ן גאנצע רעדען מיט איהם איבער פערשיעדענע זאכען. היינע האט זיך מיט איהם פערהאלטען אזוי ווי מיט א חבר, מיט א פריינד. אין די בריעף זיינע צו איהם רופט ער איהם: „טייערער, ליעבער פריינד". לאסאל האט דאמאלס געטהון היינען א גרויסע טובה. ער האט געפיהרט דעם פראצעס, וואס היינע האט געהאט מיט זיינעם א קרוב וועגען געלט און האט געוואונען.

היינט וועל איך מיר בעגנוגענען, — שרייבט היינע אין א בריעף צו לאסאלען — נאר מיט דעם, וואס איך וועל אייך אויסדריקען דא מיין דאנק. קיינמאל האט נאך קיינער ניט אזוי פיעל געטהון פאר מיר. איך האב נאך ניט בעגעגענט א מענשען, אין דער טהעטיגקייט, פון וועלכען זאל זיך געפינען אזוי פיעל טעמפעראמענט צוזאמען מיט אזוי פיעל טיעפזיניגקייט. יא איהר האט רעכט צו זיין שטאלץ, (דאמאלס ווען אנדערע, אוזורפירען די געטליכע רעכט, די הימעל־פריווילעגיע. אין פערגלייך מיט אייך פיהל איך זיך ניט מעהר ווי א פליג. —

נאך מעהר זעהען מיר, ווי ווייט דער גרויסער פאעט האט איהם געשעצט און ליעב געהאט פון דעם, וואס ער שרייבט אין דעם בריעף:

איך ווינש אייך אלעם בעסטעס און זייט זיכער, אז איך האב אייך אונבעשרייבליך ליעב. ווי בין איך צופריעדען, וואס איך האב מיר ניט טועה געוועזען אין אייך. נאר איך האב אבער קיינמאל אין קיינעם אזוי ניט געגלויבט ווי אין אייך; — איך, וועלכער בין אזוי סקעפטיש, פון פראקטיק, נישט פון דער נאטור.

---

## ה

אין יאנואר אינ'ם 1846 יאהר איז לאסאל געקומען צוריק קיין בערלין מיט דעם געדאנק, צו בעקומען א קאטעדרע אינ'ם אוניווערזיטעט. דאס וואלט זיך איהם אודאי געוועזען איינגעגעבען, ווייל ער האט דארט געהאט אזא גרויסע בעקאנטשאפט און אזא גרויסען פרסום; נאר דאס לעבען האט איהם באלד, ווי ער איז געקומען אהין, אריינגעווארפען אין דער גרויזאמער מלחמה, וועלכע האט ביי איהם אוועקגענומען אזוי פיעל כחות און צייט. די מלחמה, וועלכע ער האט געפיהרט געגען דעם גראף האצפעלד.

באלד ווי ער איז געקומען אין בערלין, האט ער זיך בעקענט מיט דער גרעפין סאפיע פאן האצפעלד, דאס לעבען פון וועלכע איז געוועזען אנ' אמת'ע שרעקליכע טראגעדיע. ווען זי איז אלט געוועזען זיעבעצעהן יאהר, האט זי חתונה געהאט פאר דעם גראף האצפעלד, וועלכער איז געוועזען א פערדארבענער, אויסגעלאסענער מענש. ער, דער נידערטרעכטיגער, האט גיך פיינט געקריגען זיין יונגע, שענע פרוי, וועלכע איז געוועזען א בעגאבטע און איידעלע פרוי. ער האט זי אנגעהויבען בעהאנדלען זעהר גראב. נאר זי האט די ערשטע צייט געליטען, נאכדעם אבער האט זי אנגעהויבען פראטעסטירען. דאמאלס האט ער אנגעהויבען זיך בעגעהן מיט איהר אזוי שרעקליך ציניש, וואס אין די אויסגעטראכטע ראמאנען קאן מען דערצו קיין ביישפיל נישט געפינען. ער האט זי פערשלאסען אין זיינע בערג-פאלאצען, ניט צוגעלאזט צו איהר קיין דאקטאר, ווען זי איז קראנק געוועזען. צום סוף האט ער אויך ביי איהר אפגענומען די קינדער. פון די דריי קינדער, וואס

זי האָט מיט איהם געהאַט, איז געבליעבען ביי איהר נאָר דער יונגסטער זוהן. דער גראַף האָט איהר נישט געגעבען קיין שום מיטלען צום לעבען, אין דער צייט ווען ער האָט פֿערשווענדעט זיין גרויס פערמעגען אין זיין צולאָזט לעבען.

נאָר דאָס איז איהם נאָך ווינציג געווען. ער האָט אונטער־געקויפֿט שרעכטע מענשען אויסצוטראַכטען אויף איהר אַלערליי שענדליכע בּלבולים, וועלכע זאָלען איהר קאָמפּראָמענטירען (מבזה זיין) אין דער געזעלשאַפֿט. אַפֿילו די ברידער איהרע האָבען גאָר ניט געקענט טהון געגען איהם, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס זיי זענען געווען אָנגעזעהנע לייט און האָבען געהאַט גרויסע פֿער־בינדונגען. אָפֿטמאָל פלעגען זיי מאַכען שלום צווישען זיי, נויטען איהם אונטערשרייבען זיך, אַז ער זאָל זיך ניט בעגעהן שלעכט מיט זייער שוועסטער. נאָר ער האָט קיינמאָל ניט מקיים געווען זיינע התחייבות'ען. איינמאָל האָט דער ברודער איהרער זיך געקלאָגט פֿאַר דעם קעניג, וועלכער האָט שריפֿטליך בעפֿעהלען צום גראַף איבערצובייטען זיין בעגעהן זיך מיט דער גרעפֿין, נאָר דער בעפֿעהל האָט אויך גאָר ניט געשראָקען דעם טיראַן. נאָר איין מיטעל איז נאָך געבליעבען: ווענדען זיך אין געריכט. נאָר דאָס האָט די פֿאַמיליע ניט געוואָלט. אַזוינע ספֿערען שטעהט נישט אָן זיך צו משפּט'ען, זיי האָבען איהר געשראָקען אַז זיי וועלען איהר אין גאַנצען פֿערלאָזען, אויב זי וועט אָנקלאָגען איהר מאַן אין געריכט. ביי זיי איז כּבוד'ער געווען, אַז ס'זאָל אַ תּל ווערען פֿונ'ם גאַנצען לעבען, פֿון זייער שוועסטער, איידער „פֿערשעמען" די משפּחה.

אָט אַזוי האָט זיך די גרעפֿין געמוטשעט העכער צוואַנציג יאָהר; איהר טרייסט איז נאָר געווען איהר איינציגער זוהן, וועלכער איז געבליעבען ביי איהר. דער גראַף האָט איינמאָל געוואָלט איהם אויך צונעהמען פֿון איהר. ער האָט געשיקט איינעם פֿון זיינע בעדיענערס צו איהר. האַלטענדיג אויף דער לינקער האַנד דאָס קינד, האָט זי בעגעגענט דעם שליח מיט אַנ' אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער אין דער האַנד. „אויב איהר וועט זיך צוריהרען צום קינד, שיס איך אייך אויפֿ'ן אָרט"! — האָט זי אויסגעשריגען. אָט אַזוי האָט זי אָבגעראַטעוועט דאָס קינד. נאָר דער גראַף האָט זיך

נאך אליץ ניט אבגעזאגט פונ'ם געדאנק , צו צונעהמען אויך דעם זוהן פון איהר , ער האט אנגעווענדט אלערליי מיטלען צו עררייכען דעם צוועק .

דער ווילדער פערברעך געגען א אנשולדיגען מענשען , וועלכער האט נישט געפונען פאר זיך קיין פערטיידיגער , האט אנגעגריפען לאסאלען ביין הארצען , ווען ער איז געוואהרגעווארען פון דער גרעפינס שרעקליכע , טראגישע היסטאריע . ער האט פערגעסען אין גאנצען זיינע וויסענשאפטליכע ארבייט , זיין קאריערע . איין געדאנק האט איהם אוועקגענומען אין גאנצען , אז ער מוז בעפרייען דער גרעפין האצפעלד פונ'ם טיראן , וואס „אויף וויפיעל ס'איז געוועזען גרויס דאס עהרליבקייט פון איהר נשמה , אויף וויפיעל ס'איז געוועזען טיעף איהר געדאנק , אויף אזוי פיעל איז אויך געוועזען גרויס דאס אומגליק פון איהר ביטער לעבען” . לאסאל האט געקוקט אויף דער מלחמה געגען גראף , ווי אויף א רעוואלוציאן-פאליטישען קאמפף . דער גראף איז געווען אין זיינע אויגען ניט איין אייגצעלנער מענש , נאר די פערקערפערונג פונ'ם גאנצען פריווילעגירטען שטאנד , וועלכער פיהרט דאס גאנצע רעדעל און טהוט וואס ער וויל ; און צו וועלכען ער האט געפיהלט אזא שטארקע שנאה נאך גאר אין די קינדערשע יאהרען . די רעכט פון דער גרעפין פאר וועלכע ער האט געקעמפפט , זענען אויך געווען אין זיינע אויגען ניט נאר די רעכט פון איין איינצעלנען מענשען , וועלכען מ'עקספלאטירט , נאר א קאמפף פאר דאס רעכט פון אלע דערשלאגענע , פאר אלע וועלכע ווערען עקספלאטירט . צייטענווייז האט ער צוגעגלייכט די לאגע פון דער גרעפין מיט דער לאגע פונ'ם פראלעטאריאט .

„קענט איהר זיך דען פארשטעלען — שרייבט לאסאל
„מיט פיעל יאהר שפעטער צו סאפיע ס א ל נ צ א ו ו — „דעם
„איינדרוק , וואס האט אויף מיר געמאכט די היסטאריע .
„איך האב געזעהן פאר זיך אין איין אונדיווידיום די אלע
„שרעקליכע אומרעכטען פון דער ממשלה , פונם כח און פון
„דעם רייכטום , וועלכע ווערען אנגעווענדעט געגען דעם
„שוואכען . איך האב אין דעם געזעהן , ווי אזוי מ'צעטרעט
„אלע אונזערע געזעלשאפטליכע רעכט ... און איך האב

„געזאָגט צו זיך: זאָל מען קיינמאָל ניט זאָגען, אַז דו האָסט
„דערלאָזט, וויסענדיג אַלעס, דערשטיקען די פרוי, ניט
„קומענדיג איהר צו הילף! ווען דו וואָלסט אַזוי טהון,
„וואָס פאַר אַ רעכט וואָלסט דו האָבען צו שטראָפען אַנדערע
„פאַר זייער עגאָאיזם און שלעכטיקייט? איך האָב געזאָגט
„דער גרעפין, וועלכע האָט שוין מעהר ניט געוואוסט וואָס
„צו טהון: אויב איהר פועלט ביי זיך אָדער בעזיעגען,
„אָדער שטאַרבען, נעהם איך אייער מזל אין אָט די יונגע
„אָבער שטאַרקע הענט, — און איך שווער אייך צו ראַנגלען
„זיך פאַר אייך ביז צום טוידט".

און ער האָט ווירקליך גענומען די שרעקליכע שווערע משׂא אין זיינע יונגע, שטאַרקע הענט. אַלטזייענדיג בּסך הכּל איין און צוואַנציג יאָהר, אַ יודישער יונגער מאַן, אָהן שום געלד-מיטלען, אָהן פערבינדונגען, נעהמט זיך אונטער צו פיהרען אַ פּראָצעס מיט איינעם פון די גרעסטע גראַפען, וועלכער איז געווען אַ מיליאָנער און האָט געהאַט די גרעסטע פערבינדונגען, מיט אַזוינעם אויף וועלכען דער קעניג אַפילו האָט אויך ניט געקענט ווירקען.

„דאָרטען וואו מענשען שווייגען — האָט ער געזאָגט אין
„איינע פון זיינע רעדעס אין געריכט וועגען דעם פּראָצעס —
„הויבען אָן שטיינער צו רעדען. דאָרטען וואו די מענשליכע
„רעכט טרעטען זיך מיט די פיס, דאָרטען, וואו אַפילו די
„נאָהענסטע קרובים שטעהען פון דער וויטענס, דאָרטען
„האָט פאָלקאָמען רעכט צו פערטהיידיגען גאָר דער ערשטער
„און גאָר דער לעצטער קרוב פון דעם מענשען — דער
„מענש. אַז איך האָב זיך גענומען פאַר דעם פּראָצעס,
„האָב איך געוואוסט וואָס פאַר אַ געגנער איך וועל האָבען
„פאַר זיך, איך האָב געוואוסט, אַז נאָר זיי וועלען קריגען
„גוטע פריינד אין די רייהען פון די מעכטיגע קלאַססען,
„איך האָב געוואוסט אין וואָס פאַר אַ סכּנה איך שטעל זיך
„איין. איך האָב דאָס געוואוסט, נאָר דאָס אַלעס האָט
„אָבער מיר ניט געקענט אָבהאַלטען. איך האָב בעשלאָסען
„שטעלען דעם אמת אַנטקעגען דעם ליגען, אַנטקעגען די
„הויכע ראַנגען — דאָס רעכט, אַנטקעגען דער קראַפט פון

„געלד — די קראַפט פון גייסט. די שטערעניִשען, די
„ קרבּנות, די געפאַהר שרעקען מיר ניט אָב"...

דער פּראָצעס האָט געדויערט גאַנצע ניין יאָהר און איז אויסגעהערט געוואָרען אין זעקס און דרייסיג געריכטס־אַנשטאַלטען. דער גראַף האָט געהאַט אַדוואָקאַטען, געשאָטען מיט געלד אין אַלע זייטען און געשטעלט מאַסען פאַלשע עדות. און לאַסאַל האָט אַפילו קיין איינציגען אַדוואָקאַט געהאַט. ער אַליין האָט געפיהרט דעם גאַנצען פּראָצעס, אַליין האָט ער געהאַלטען רעדעס. תּיכּף ווי ער האָט זיך גענומען צו פיהרען דעם פּראָצעס, האָט ער אָנגעהויבען שטודירען יוריספּרודענציע און גאָר גיך איז ער בעקאַנט געוואָרען מיט אַלע געזעטצען, וואָס ס'איז איהם געווען נויטיג צו וויסען.

„פיהרענדיג די פּראָצעסען בין איך געוואָרען אַ יוריסט.
„אין עטליכע חדשים האָב איך מיר שוין אויסגעגלייכט מיט
„די אַדוואָקאַטען, אין צוויי יאָהר אַרום, קען איך זאָגען,
„אַז איך בין שוין זיי איבערגעגאַנגען. — אַזוי האָט לאַסאַל
„געשריבען אין עטליכע יאָהר אַרום צו דער סאָלנצאָוו.

מיט די פּראָצעסען האָט געקאָכט גאַנץ דייטשלאַנד, זיי האָבען לאַסאַלען געמאַכט שטאַרק פּאָפּולער. פון דער פּרעסע האָבען איהם די דעמאָקראַטישע אָרגאַנען מאָראַליש מיטגעהאָלפען.

גאָר אַ גרויסען רוֹשם האָט אָנגעמאַכט „דער פּראָצעס וועגען דאָס קעסטעלע".

לאַסאַל האָט געוואונען אין געריכט, אַז דער גראַף זאָל צאָהלען זיין פרוי יעהרליך 8 טויזענד רובּעל; דאַן האָט דער גראַף ווי מען האָט געזאָגט, איבער געשריבען זיין פערמעגען אויף זיין געליבטעס, באַראָנעסע מייענדאָרפס נאָמען. לאַסאַל האָט געשיקט זיינע צוויי גוטע פריינד דעם דאָקטאָר מענדעלסאָהן און דעם ריכטער אָפּענהיים צום גראַפס געליבטע, באַראָנעסע מייענדאָרף, בּכדי צו דערוויסען זיך אויב ס'איז אמת דער קלאַנג. זיי זענען געקומען אין קעלן און זיך אָבגעשטעלט אינ'ם גאַסט־הויז, אין וועלכען באַראָנין מייענ־דאָרף האָט זיך איינגעפונען. אויף מאָרגען איז די באַראָנעסען אָבגע־פאָהרען פון קעלן און זיי האָבען געזעהן, ווי דער שווייצער האָט אַריינגעשטעלט אין איהר קאַרעט אַ קעסטעלע. זיי האָט זיך אויס־

געווייזען, אַז אין דער קעסטעלע געפֿינען זיך די דאָקומענטען וועגען דאָס איבערגעשריבע-עס פֿערמעגען, וואָס זיי דאַרפֿען, און אָפֿענהייס האָט עס, אַרויסגעכאַפּט פֿון דער קאַרעט. מ'האָט איהם אָבער באַלד געכאַפּט און מ'האָט געמאַכט אויף זיי אַ פּראָטאָקאָל. דעם גראַף האָט זיך שטאַרק געגלוסט אַריינמישען אין דעם מִשְׁפָּט לאַסאַלען אויך; ער האָט איבערגעקויפֿט לאַסאַלס אַ דינער, ער זאָל זאָגען אויף איהם פֿאַלש עֵדוּת; און אַ דאַנק דעם האָט מען איהם אַרעסטירט אינ'ם זעקס און צוואַנציגסטען מאַרט פֿונ'ם 1847 יאָהר. ער איז געזעסען זעקס חֳדָשִׁים. אינ'ם פֿינפֿטען אויגוסט האָט זיך אָנגעהויבען אויסהערען זיין מִשְׁפָּט מ'האָט איהם בעשולדיגט אין אָנרעדען צו גַנֵב'נען. דער מִשְׁפָּט האָט געדויערט זעקס טעג איידער מ'האָט אויסגעהערט אַלע עֵדוּת, אויף דעם זיבעטען טאָג האָט לאַסאַל געהאַלטען זיין גלענצענדע רעדע זיך צו פֿערטהיידיגען. נאָר ווי תָּמִיד, אַנשטאַט זיך צו פֿערטהיידיגען, האָט ער אַליין בעשולדיגט יעדען: ער האָט בעשולדיגט דעם גראַף, דעם פּראָקוראָר און די ריכטער.

לאַסאַל איז אַרויס ריין, דאָס האָט אַרויסגערופֿען אַ גרויסע פֿרייד אינ'ם געריכטס-זאַל. מ"האָט לאַסאַלען פֿונ'ם זאַל אַרויס-געטראָגען אויף די הענט. פֿאַר דער טהיר האָט ער בעגעגענט זיין פֿאָטער, וועלכער האָט זיך וויינענדיג אַרויפֿגעוואָרפֿען איהם אויף דעם האַלדז מיט די ווערטער: „מיין קינד! מיין קינד!"... אַז לאַסאַל איז געקומען נאָכדעם נאָכאַמאַל אין דיסעלדאָרף, האָבען איהם גרויסע מענגען מענשען בעגעגנעט. מ'האָט אויסגעשפּאַנט די פֿערד פֿון דער קאַרעטע, אין וועלכער ס'זענען געזעסען ער מיט דער גרעפֿין האַצפֿעלד, און מענשען האָבען זיך זעלבסט איינגעשפּאַנט און זיי דורכגעפֿיהרט מיט פּאַראַד אין שטאָדט.

יעצט האָט ער זיך גענומען נאָך מיט מעהר ענערגיע צום פּראָצעס געגען דעם גראַף, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די עלטערן זיינע האָבען איהם געבעטען מיט טרעהרען אין די אויגען אַוועק צו וואַרפֿען די אָנגעהויבענע מִלְחָמָה. נאָר אויב אין אָנהויב האָט ער געוואונען אַלע פּראָצעסען, איז פֿונ'ם ניין און פֿערציגסטען יאָהר אָן האָט ער אָנגעהויבען פֿערשפּיעלען איין פּראָצעס נאָך דעם אַנדערן. דאַמאָלס האָבען זיך אָנגעהויבען די יאָהרען פֿון

דער רעאַקציע אין דײַטשלאַנד, און די ריכטער האָבען איבערגעטראָגען זײַערע פײַנדליכע געפיהלען צו לאַסאַלען אויף דער גרעפינס פראָצעס, וועלכען ער האָט געפיהרט. זיי האָבען זיך געוואָלט נוקם זײַן אָן לאַסאַלען דעם רעוואָלוציאָנער, דעריבער האָבען זיי גערעכט געמאַכט דעם גראַף. נאָר סוף כל סוף, האָט זיך לאַסאַלען אײַנגעגעבען ענדיגען די שרעקליכע מלחמה געגען גראַף, וועלכע איז געווען נאָך לאַסאַלס אײַגענעם אויסדרוק „אַ טאָג-טעגליכע מלחמה, אַ מלחמה אויף לעבען און טוידט“. ער האָט זי געענדיגט מיט אַ פאָלקאָמען נצחון. דער „נאַרישער יודליק“ — אַזוי פלעגט איהם רופען דער גראַף — האָט גובר געווען דעם גרויסען שטאָלצען גראַף האַצפעלד, וועלכער האָט געמוזט איהם נאָכגעבען אויף אַלע פונקטען.

די גרעפין איז לגמרי, בעפרײַט געוואָרען פונ'ם מאַנן און האָט געקריגען אַ גרויסען טייל פון זײַן פערמעגען. די גאַנצע צײַט וואָס לאַסאַל האָט געפיהרט די פראָצעסען האָט ער ניט נאָר געטראָגען אויף זיך די אַלע פראָצעס-קאָסטען, נאָר ער האָט אויך נאָך די גרעפין אויסגעהאַלטען. יעצט האָט זי איהם פערזיכערט אַ סומע פון הונדערט טויזענט רובל, וועלכע האָבען איהם אַרײַנגעטראָגען פיער טויזענט רובל יעהרליכע הכנסה, כדי ער זאָל קענען פרײַ אַרבײַטען זײַנע פאָליטישע און וויסענשאַפטליכע אַרבײַט.

דער פראָצעס האָט זיך געענדיגט זומער אינ'ם יאָהר 1854. פון דאַמאָלס אָן האָט זיך די גרעפין האַצפעלד שוין קיינמאָל נישט אָבגעשיידט פון לאַסאַלען. זי האָט כסדר געוואוינט וואו ער האָט געוואוינט און איז מיט איהם אומעטום מיטגעפאָהרען. זי האָט איהם ליעב געהאַט ווי אַן אײַגענעם זוהן, און שטענדיג געפיהלט אַ אונענדליכען צובונד צו דעם גרויסען קעמפפער פאַר מענשען רעכט!...

דאָס נײַנצעהנטע יאָהר הונדערט איז בעוואוסט אַלס אַדור פון רעוואָלוציאָנען. אין פערשידענע לענדער פון אייראָפע קומען פאָר גרויסע איבערקעהרענישען אין זייער אינערליכען פאָליטישען לעבען. דער אַלטער פעאָדאַלער אָרדנונג באַנקראָטירט, פאַלט, ער קאָן שוין מעהר נישט אָנהאַלטען די נײַע אינטערעסען פון די ברייטע פאָלקסמאַסען. די פעאָדאַלען (פריצים, גוטבעזיצער)

וועלכע זענען הונדערטער יאהרען געווען די הויפטערדעל-פיהרער פון דאס פאליטישען לעבען אין די אייראפייאישע לענדער, וועלכע האבען געהאלטען אין זייער פרעס די גאנצע בעפעלקערונג פון לאנד און דיקטירען, דירעקט אדער אונדירעקט, די רעגירונג פערשידענע קאנסטרוקציעס, געזעטצען, וואס זייער ענדע-ציעל איז געווען צו צופרידענשטעלען די בעדערפניסען פון די פעאדאלען אויף דעם חשבון פון די איבעריגע אונטערדריקטע שיכטען פון פאלק — אט די פעאדאלען ווערען אלס שוואכער, מאכטלאזער, פערענדיגען שפיעלען זייער ראליע אין דער היסטאריע, און זייער ארט פערנעהמט א נייער קלאס, בורזשואזישער קלאס, וועלכער האט זיך אין דעם 18 טען יאהר הונדערט שוין פאלשטענדיג אויס-געפארמירט, בעקומען א געוויסע פיזיהנאמיע. דער בורזיאזישער קלאס, וועלכער בעשטעהט פון אויפגעקומענע קאפיטאליסטען, פאבריקאנטען, אונטערנעמערס און ז. וו., בעקומט אין אייראפע אלס מעהר און מעהר בעדייטונג און הויבט אן צו פערגעבען א טאן אין פאליטישען לעבען. דאן קומט פאר א צוזאמענשטויס פון דיביידע קלאססען: דער פעאדאל האט מורא פאר דעם וואקסענדיגען בורזוא, און דרום מיהט ער זיך דורך דער רעגירונג צו שטערען זיין ווייטערדיגע ענטוויקלונג. דער בורזוא, אין געגענטהייל, וויל פון זיך אראפוואַרפען דעם פיליאהזאפדיגען יאך פון זיך, פאדערט פרייהייט פאר זיין פערזענליכקייט און זעלבסט-שטענדיגקייט צו פערוואלטען מיט זיינע אינטערעסען. די תוצאות פון דער דאזיגער צוזאמענשטויסונג איז ווי שטענדיג: ס'ווערט צושמעטערט דאס אפגעלעבטע, דאס גוסס'דיגע און עס איז מנצח דאס בליהענדע, אויפלעבענדע, פרישקרעפטיגע. דער אלטער פעאדאליזם געהט אראפ פון דער סצענע, זיין שטול פערנעהמט די בורזואזיע. די לעצטע ברייננט א איבערקעהרעניש אין דער מלוכה, א רעוואלוציאן, זי פערניכטעט די אלטע פאליטישע, געזעלשאפטליכע און רעגירונגס ארדנונגען פון דער מדינה, וועלכע זענען געווען פאסענד לויט די בעדערפניסען פון דעם פאהריגען הערשענדען קלאס און פיהרט איין נייע ארדנונגען לויט איהרע איטהיגע ספעציעלע בעדערפניסען.

די ערשטע בורזואזישע רעוואלוציאן איז פארגעקומען אין

פראַנקרײַך ; פיעל שפּעטער אין דײַטשלאַנד . דאָס לעצטע ערקלעהרט זיך דער מיט , ערשטענס : וואָס אין דײַטשלאַנד האָט דער נײַער בורזשואַזישער קלאַס לאַנגזאַמער ווי אין פראַנקרײַך ענטוויקעלט ; די אינדוסטריע און האַנדעל האָט זיך דאָרטען שווערער פערברייטערט , צוליעב די גרויסע אָרימקײַט און פערשקלאַפונג פון דער לאַנד דורך די פעאָדאָלען . צווייטענס : ס'האָט פיל געשטערט דעם אויסדרוק פון דער רעוואָלוציאָן אין דײַטשלאַנד , דאָס וואָס די גאַנצע לאַנד איז געווען צובראָכעלט אין אַנפאַנג 19 טען יאָהר הונדערט אויף פיעל קלײניקע מלוכה'לעך , און ס'האָט נישט געקאָנט געשאַפען ווערען אַ פעראייניגטע גרויסע פאָלקס בעוועגונג געגען דעם אַלטען סדר אין לאַנד . די פילע רעגירונגען אין יעדער געגענד האָבען זיך געמיהט צו פערשטיקען יעדער רעוואָלוציאָנער ערשיינונג ביין פאָלק . ס'האָבען זיך אפילו צײַטענווײַז געהערט פראָטעסטען געגען דער מֶמשָלָה , ס'האָבען זיך געהערט וואונשען , אַז דײַטשלאַנד זאָל זיך פעראייניגען , ס'זאָל געשאַפען ווערען אַ שטאַרקער ווילען פונ'ם פעראייניגטען דײַטשען פאָלק , נאָר די פראָטעסטען זענען , אָבער , טאַקע מעהר ניט געווען ווי צײַטענווייז . דאָס זענען געווען פונקען , וועלכע האָבען אויף אַ ווײַלע אַ לײַכט געטהון , אָבער באַלד זענען זיי פערלאָשען געוואָרען . אַזוי איז געווען ביז דעם 1848 יאָהר . פאַר דער צײַט אָבער האָט זיך דער עקאָנאָמישער בנין פונ'ם לאַנד שטאַרק געענדערט . די בורזשואַזיע וועלכע איז , חאָטש לאַנגזאַם , דאָך געגאַנגען פאָרוועָרטס , איז שטאַרקער און גרעסער געוואָרען . די פראַגע וועגען דער פּאָליטישער מאַכט אינ'ם לאַנד איז שוין ביי איהר געוואָרען אַ פראַגע פון לעבען און טוידט .

אין אַזוינע אומשטענדען האָט זיך געפונען דײַטשלאַנד אינ'ם 1848 יאָהר , ווען די גאַנצע בעפעלקערונג האָט אַרומגענומען די רעוואָלוציאָנערע שטימונג , וועלכע האָט דאַן עקסעסטירט כמעט אין אַלע לענדער פון אייראָפּאָ . גיך האָט זיך געפונען דער צופאַל , אַ דאַנק וועלכען די רעוואָלוציאָן זאָל קענען אַרויסברעכען . דער צופאַל איז געווען דאָס , וואָס די רעגירונג האָט געוואָלט אַנהויבען אַ מלחמה מיט פראַנקרײַך . אין חודש מאַרט אין אַ משך פון פיעל טעג איז פאָרגעקומען אין בערלין שרעקליכעס , ס'איז געווען אַ

שרעקליכע מלחמה צווישען די בירגער און די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געמוזט, סוף כּל סוף נאָכגעבען די ערשטע. אין אַפּריל האָט די רעגירונג מודיע געווען וועגען דער פאָלקס=פערטרעטונג. זי האָט צוגעזאָגט אַן' אַלגעמיינע וואַהל=רעכט. נאָך אין דעם איין און צוואַנציגסטען מאַרט איז דער קעניג אַרומגעפאָהרען איבער בערלין און האָט מבטיח געווען דעם פאָלק, אַז ער נעהמט אויף זיך די מיסיאָן צו פעראייניגען דייטשלאַנד. מ'האָט געקענט מיינען, אַז יעצט וועט אין אמת'ן אָנהויבען געוועלטיגען דער ווילען פונ'ם פאָלק. די האָפנונג איז אָבער געווען צו פריה. ווי נאָר די רעוואָלוציאָנערע פאָלקס=מאַססען האָבען זיך עטוואָס בערוהיגט און ס'איז שוואַכער געוואָרען ווי דער שטייגער די ענערגיע נאָך די גרויסע אָנשטרענגונג, האָט די רעגירונג פון טאָג צו טאָג געחאַפּט צוריק די הבטחות, אַזוי אַז צום סוף איז אויך די „נאַציאָנאַל=פערזאַמלונג", וועלכע האָט בעדאַרפט זיין דער אָרגאַן פונ'ם פאָלק, געוואָרען ניט מעהר ווי אַ כּלי=זיין אין די הענט פון דער רעגירונג, צו דערגרייכען דורך איהר איהרע וואונשען, וועלכע זענען געווען נעגען די אינטערעסען פונ'ם פאָלק. אין נאָיאַבער איז די רעאַקציע געוואָרען גאָר שטאַרק. די רעגירונג האָט אינגאַנצען צעטריבען די נאַ'ציאָנאַלע פערזאַמלונג און האָט מודיע געווען אין בערלין בעלאַגערונגס=צושטאַנד.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז לאַסאַל, וועלכער איז געווען אַזאַ הייסער פערטיידיגער פון רעכט און פרייהייט, האָט גענומען אַ גרויסען אָנטהייל אין דער רעוואָליוציאָנערער אַרבייט פונ'ם 1848 יאָהר, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די פּראָצעסען געגען גראַף האָבען ביי איהם אוועקגענומען די בעסטע צייט, און ער האָט בעדאַרפט זיין גרייט יעדע מינוט און יעדע רגע צו קענען זיך איבערגעבען צו זיי. ווי ווייט ער האָט נאָר געקענט, האָט ער געאַרבייט אינ'ם פערלויף פון 1848 יאָהר, דערפאַר אָבער נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט דעם פּראָצעס, האָט ער זיך איבערגעגעבען מיט דעם גאַנצען פייער פון זיין טהעטיגער נשמה צו דער רעוואָליוציאָנער אַרבייט. ער איז גיך געוואָרען איינער פון די גרעסטע דעמאָקראַטישע אַנפיהרער אינ'ם פּראָווינץ. אין דער צייט האָט ער זיך אויך בעקענט מיט מ אַ ר ק ס ע ן, וועלכער איז

געווען דער פיהרער פונ'ם צענטראל-קאמיטעט פון די רהיינער דעמאקראטען. דאס ארט פונ'ם קאמיטעט איז געווען אין קעלן. לאסאל האט אנגעהויבען קומען אין פערבינדונגען מיט מארקס'ן און צוליעב דעם פלעגט ער אפטמאל פאהרען אהין.

נאכדעם ווי מ'האט צוטריבען די נאציאנאל-פערזאמלונג, האט דער קאמיטעט פון די רהיינער דעמאקראטען געפאדערט, אז די אלע דעמאקראטישע געזעלשאפטען אין דער פראווינץ זאלען זיך אבזאגען פון צאהלען שטייער און ארגאנאזירען זיך בעוואפענט, כדי צו שטעלען זיך געגען דער רעגירונג, אויב זי וועט וועלען איינמאנען די שטייער מיט גוואלד.

און לאסאל האט מיט זיין גאנצער ענערגיע פון זיין רעוואָ-ליוציאנערער נשמה אנגעהויבען צו ארבייטען, ארגאנאזירען און בעוואפענען די מאסען. ער איז אריינגעטרעטען אין דער בירגער-ליכער מיליציע. דעם נייצעהנטען נאיאבר האט ער פובליקירט אינ'ם נאמען פונ'ם דיסעלדארפער ראיאן דעם אדרעס צו דער נאציאנאל-פערזאמלונג, וועלכען ער האט צוזאמענגעשטעלט.

„מיר שווערען דער נאציאנאלער פערזאמלונג, אז מיט
„כלי זיין אין די הענט ווארטען מיר, זיי זאלען אונז רופען,
„בכדי מיר זאלען בעווייזען, אז ס'איז נאך נישט אבגענומען
„געווארען די קראפט ביי די זיהן פונ'ם פאלק".

„פאר א פאסיווען אופן ארבייט, — שרייבט לאסאל אין
„אדרעס, וועלכען ער האט צוזאמען געשטעלט אינ'ם נאמען
„פון די דיסעלדארפער מיליציענערען, — איז שוין יעצט נישט
„די צייט. מיר בעשווערען די נאציאנאל-פערזאמלונג: רופט
„צו כלי זיין, רופט ממלא צו זיין אונזער חוב".

„באלד וועט דאס גאנצע לאנד שטעהן אונטער דער
„ביקס. — שרייבט ער צום ערדבעזיטצער שטאנגער אין
„וועלפען, — בעוואפענט אייערע מענשען. אין דיסעלדארף
„וועט באלד אויסברעכען א מלחמה. איך רעכען, אז אלס
„ענטפער אויף דער ידיעה, וועסט דו באלד קומען אהער
„מיט עטליכע הונדערט מענשען... אין יעדענפאלס דאס מאל
„וועלען מיר זיעגען און דאמאלס איז אנ'ענדע צו אייער נויט".

דעם צוויי און צוואנציגסטען נאיאבער האט מען לאסאלען

אַרעסטירט מ׳האָט איהם בעשולדיגט אין אויפרייצען די בירגער, שטעלען זיך מיט כלי־זיין אנטקעגען דער ממשלה פונ׳ם קעניג. דעם פּראָצעס האָט דער פּראָקוראָר אומיסטען אָבגעלעגט אויף לאַנג, כדי לאַסאַל זאָל ניט קענען פיהרען זיין רעוואָלוציאָנערע טהעטיגקייט, וועלכע די רעגירונג האָט גיך בעמערקט און האָט זיך זעהר געשראָקען פאַר איהר. לאַסאַל איז אָבגעזעסען ביז דעם דריטען מאַי אינ׳ם 1849 יאָהר. ערשט דאַמאָלס האָט זיך דער משפּט זיינער אַנגעהויבען. ס׳האָבען נישט געהאָלפען די אַדרעסען מיט טויזענדער חתימות, אין וועלכע די בירגער פון עטליכע שטעדט האָבען געפאָדערט, אַז מ׳זאָל גיך צוטרעטען צו משפּט׳ן לאַסאַלען. דער גענעראַל פּראָקוראָר, וואָס צו איהם האָט מען געשיקט די אַדרעסען, האָט זיך גאָר ניט וויסענדיג געמאַכט. לאַסאַל איז נאָך אַלץ געזעסען, דאַמאָלס ווען דער משפּט פון אַנדערע, וועלכע זענען אַרעסטירט געוואָרען שפּעטער פון איהם, איז שוין געווען פערענדיגט און זיי זענען שוין בעפרייט געוואָרען.

לאַסאַל האָט אָנגעשריבען זיין רעדע, מיט וועלכע ער האָט בעדאַרפט פערטהיידיגען זיך אויף דעם משפּט. נאָר אויך די רעדע, ווי אַלע זיינע רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטען אין אַלע זיינע פּאָליטישע און רעוואָלוציאָנערע פּראָצעסען, איז מעהר אַ פאָרטזעטצונג פון זיינע רעדעס און מעשים, פאַר וועלכע מען האָט איהם געמשפּט, ווי אַ געוועהנליכע רעדע, וועלכע מ׳האַלט צו פערטהיידיגען זיך. לאַסאַל האָט אויף זיך קיינמאָל ניט געקוקט ווי אויף אַ בעשולדיגטען, נאָר ווי אויף אַן אַגיטאַטאָר פאַר בעשטימטע פּרינציפּען. ער האָט קיינמאָל ניט געקוקט אויף דעם געריכט־זאַל ווי אויף אַן אָרט אין וועלכעם ער איז געקומען צו ראַטעווען זיך, צו פערענטפערען זיך, נאָר ווי אויף אַ טריבונע, פון וועלכער ער רעדט צום פּובליקום, פון וועלכער ער לעהרנט, ער שטראָפט.

אַנשטאַט צו פערענטפערען זיך, מבטל צו זיין די שולדען, אין וועלכער מ׳האָט איהם בעשולדיגט, שיט ער אין דער רעדע פייער אויף דעם קאָפּ פון דער רעגירונג פאַר איהרע רעאַקציאָנערע מעשים, דערפאַר וואָס זי טרעט די קאָנסטיטוציאָנעלע געזעטצע פונ׳ם לאַנד.

„ווײַטער ווײַטער! זאָלען מיר גראָבען טיעפער מיט
„אונזערע פינגער אין די וואונדען פונ׳ם נאָך ווארעמען
„טוידטען קערפער פונ׳ם פאַטערלאַנד. זאָלען די וואונדען
„אָנגעזעהן ווערען. זיי װעלען אָנצינדען אַ הײליגע פאַטריאָטישע
„שׂנאָה אין אונזערע הערצער, מיר װעלען גאָר ניט
„פערגעסען, קײנמאָל ניט, אַפילו אויף קײן אײנציגע מינוט;
„קען דען פערגעסען אַ זוהן, דעם וואָס האָט פערשענדעט
„זײַן מוטער? שרעקליכע ערנידריגונגען — דאָס איז אַלעס
„וואָס ס׳איז אונז איבערגעבליבען פון דער געוועזענער
„פרײַהײַט; זיי זענען אונזער בלוטיג פערמעגען. זאָלען
„מיר, דעריבער, היטען די ערנידריגונגען, ווי דעם שטיב
„פון פערמוטשעטע עלטערן, פון װעלכע ער בלײַבט
„אונז די אײנציגע ירושה, ווי די שבועה פון נקמה, וועלכע
„מ׳שווערט פאַר זײער טוידטען בעט!"

ער זאָגט ניט, אַז ער האָט ניט גערופען צו בעוואָפענען
זיך, ניט דורך דעם וויל ער, אַז מ׳זאָל איהם בעפרײַען. ער
מאָטיווירט נאָר פאַר וואָס ער האָט עס געטהון. די רעגירונג
האָט אַזוי געטרעטען די אַלע געזעטצע פון דער קאָנסטיטוציע,
אַז ס׳איז דעריבער געווען אַ חוב צו אָרגאַניזירען זיך בעוואָפענט
געגען איהר, כּדי אָבצוראַטעווען די קאָנסטיטוציע.

„ציטאַטען פון דער רעדע, — שרײַבט בראַנדעס, — געבען
אַזאַ פאָרשטעלונג פון איהר לעבענס־קראַפט, אַזוי ווי אַנ׳עמער
וואַסער װעגען לויפענדע חוואַליעס".

די רעדע האָט ער ניט געהאַלטען פאַר די ריכטער. זי איז
געווען אָבגעדרוקט מיט עטליכע טעג פאַר דעם מִשְׁפָּט. צוליעב דעם
האָבען די ריכטער בעשלאָסען מִשְׁפָּט׳ן איהם בײַ פערמאַכטע טהירען.
לאַסאַל האָט פראָטעסטירט געגען דעם, ער האָט אויסגעוויזען, אַז
די רעדע זײַנע האָט זיך פונאַנדערגעשפרײט אָהן זײַן וויסען. ער
האָט זיך אויסגעטַעֲנה׳ט אַ ביסעל מיט דעם פראָקוראָר, ווי ער
פלעגט שטענדיג טהון, ער האָט איהם אויך אָנגערופען אינקוויזיטאָר.

„זעהט, מײַנע העררן", — האָט ער זיך געווענדעט צום
„פובליקום, וואָס מ׳האָט געהײסען זיי אַוועקלאָזען דעם
„געריכטס־זאַל, — אָט ווי אַזוי מ׳בעגעהט זיך מיט אײערע

„מיטבירגער, אַט ווי אַזוי מ'טרעט מיט די [illegible]
„געזעצליכע־געזעלשאַפֿטליכע רעכט!" אַלע זײַנע פּראָ־
„טעסטען האָבען אָבער ניט געהאָלפֿען, דאַנן האָט ער זיך
„אײַנגאַנצען אָבגעזאָגט פֿון פֿערטהיידיגען זיך.

די געשוואָרענע ריכטער האָבען איהם בעפֿרײַט, נאָר די רעגירונג האָט אָבער געוואוסט, אַז לאַסאַל וועט בעפֿרײַט ווערען דורך די געשוואָרענע ריכטער. זי האָט אָבער שטאַרק בעדאַרפֿט, ער זאָל דווקא ניט אַרומגעהן פֿרײַ, האָט זי זיך, דעריבער, גע־חאַפּט און נאָך איידער ס'האָט זיך געענדיגט דער פּראָצעס האָט זי שוין אַרויסגעשטעלט אַ נײַע בעשולדיגונג, אויך וועגען דעם ענין געגען לאַסאַלען. נאָר ערשט האָט איהם שוין בעדאַרפֿט מ'משפּט'ן נישט דער בירגערליכער משפּט, זאָנדערן די פּאָליציי־געריכט. דאָ, איז שוין די רעגירונג געווען זיכער, אַז לאַסאַל וועט שוין נישט בעפֿרײַט ווערען.

און ווירקליך, תּיכּף ווי ס'האָט זיך נאָר געענדיגט דער משפּט, פֿון וועלכען די געשוואָרענע ריכטער האָבען איהם בע־פֿרײַט, האָט מען איהם ווידער אַרעסטירט צוליעב דער נײַער בעשולדיגונג, ער איז געזעסען ביז דעם פֿינפֿטען יולי, דאַמאָלס איז געווען דער משפּט און מ'האָט איהם פֿער'משפּט זעקס חדשים טורמע, וועלכע ער איז אָבגעזעסען אינ'ם ווינטער פֿונ'ם 1850 יאָהר. זײַנע אַ שוועסטער האָט זיך געוואָלט ווענדען צום קעניג מיט אַ בקשה ער זאָל שענקען לאַסאַלען. נאָר לאַסאַל האָט אויף קיין פֿאַל אַפֿילו ניט געוואָלט הערען וועגען דעם, נישט קוקענדיג דערויף וואָס ער איז געווען זעהר קראַנק.

אויך זיצענדיג אין טורמע, האָט ער ניט אויפֿגעהערט זיך אינטערעסירען מיט דער גאַנצער אַרומיגער וועלט. ער פֿלעגט זיך איבערשרײַבען מיט אַלע זײַנע חברים, ער פֿלעגט צײַטענווײַז אויך אַרבײַטען זײַנע וויסענשאַפֿטליכע אַרבײַט. נאָר וואָס מעהר וואונדער־באַרער ס'איז: ער פֿלעגט אויך פֿיהרען די פּראָצעסען פֿון דער גרעפֿין האַצפֿעלד. מ'פֿלעגט איהם בעפֿרײַען שטענדיג אויף אַ צײַט פֿון דער טורמע, ווען ער האָט בעדאַרפֿט זײַן אויף אַ פּראָצעס אין געריכט. בכלל האָט ער געהאַט אַזוינע פּריווילעגיעס אין טורמע, וואָס קיינער אַ חוץ איהם האָט ניט געהאַט. כּמעט אַ

האַלבע ביבליאָטעק זיינע האָט ער בײַ זיך געהאַלטען, די דינער זענען זיך מיט איהם בעגאַנגען מיט כּבוד און אַלעס וואָס ער האָט פערלאַנגט איז ערפילט געוואָרען.

*   *

*

לאַסאַל איז נאָך דעם אַבזיצען געקומען צוריק קיין דיסעלדאָרף, וואו ער האָט געוואָהנט אינאיינעם מיט דער גרעפין האַצפעלד. יעצט האָט ער זיך איבערגעטראָגען פון'ם רעש'יגען לעבען, וואָס איז געווען פול מיט אַלערליי פּראָצעסען און רעדעס, שרייבען פּראָקלאַמאַציעס און מאַכען רעוואָלוציאָנערע מיטינגען, אין שטילען קאַבינעט פון זיין וויסענשאַפטליכער אַרבייט, וואו ער האָט פערבראַכט די אַלע יאָהרען פון דער רעאַקציע. דאָ האָט ער זיך גענומען אָנצוהויבען שרייבען זיין „העראַקליט“, דעם פּלאַן פון וועלכען ער האָט געמאַכט נאָך ווען ער איז געווען אַ סטודענט. אויך האָט ער געמאַכט, צוזאַמען מיט דער גרעפין, איינינע רייזען; זיי זענען געפאָהרען אויך אין עגיפּטען. אין די יאָהרען פון דער רעאַקציע האָט קיין רעדע נישט געקענט זיין פון אַ געזעלשאַפטליך לעבען פאַר לאַסאַלען. ווי גרויס ס'איז געווען די בערערפנישען פון זיין נשמה צו אַרבייטען אַ פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערע אַרבייט, האָט ער זיך געמוזט אָבזאָגען פון דעם, — אַזוי שטאַרק איז געווען די ממשלה פון דער רעאַקציע אין יענע יאָהרען! ער האָט אַפילו נישט געקענט קומען קיין בערלין, וואו ער האָט זעהר געגאַרט צו זיין, ווייל דאָרט איז פאָרט געווען רייכער דאָס געזעלשאַפטליך לעבען; איהם האָט אַזוי שטאַרק געצויגען קיין בערלין, אַז איינמאָל איז ער געקומען אַהין ביי נאַכט איבערגעטהון אַלס פוהרמאַן.

נאָר ווי ווייט ער האָט געקענט, אָדער ריכטיגער, נאָך מעהר ווי ער האָט געקענט מעהר ווי אַן'אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט געטהון, האָט ער דאַמאָלס געטהון פאַר זיינע פּאָליטישע אידיאַלען. ער האָט אויך דאַמאָלס געווירקט פאַר זיינע סאָציאַליסטישע אידעען. אויך דאַמאָלס האָט ער געלעבט נישט פאַר זיך אַליין. ער איז געווען דער טאַטע פון די דיסעלדאָרפער אַרבייטער. זיין שטוב

איז געוועזן כסדר אפען פאר זיי. אין יעדער קריטישע לאגע, וואס עמיצער פון זיי האט זיך געפונען, איז לאסאל זיי געקומען צו הילף.

„האסט גאר קיין שום בעגריף און פארשטעלונג ניט",
„—שרייבט ער אינ'ם 1860 יאהר אין איינעם פון זיינע לאנגע
„בריעף צו מארקסען, — „וועגען דעם אלעם, וואס איך האב
„געטהון פאר די מענשען, פאר די דיסעלדארפער ארבייטער,
„אין א לאנגען משך פון ניין יאהר, פונ'ם 1848 יאהר ביז
„דעם 1857, ווען איך בין פון דארטען אבגעפאהרען.
„— וואס איך האב אויסגעליטען צוליעב זיי, וואס פאר
„א קרבנות איך האב געבראכט פון זייערטוועגען. ווען
„זיי האבען זיך גענויטיגט אין געלד, זענען זיי געקומען צו
„מיר, ביי מיר האבען זיי געזוכט הילף און תמיד האבען
„זיי געפונען. כמעט תמיד האב איך זיי געגעבען מעהר
„וויפיעל איך האב געקענט, געגעבען מיט גרויסע קרבנות,
„נאר איך האב געגעבען דערפאר, ווייל מיט וועניגער
„וואלטען זיי ניט געהאלפען ווערען, דערפאר וואס איך
„האב תמיד געוואלט בעסער זיך שווער מאכען, אליין
„געפינען זיך אין א קריטישע לאגע איידער ניט העלפען די
„מענשען, וועלכע בעזיטצען וועניגער מיטלען ווי איך, אפט
„בין איך זיך מיט זיך אליין בעגאנגען אויף א שרעקליכען
„אופן אין אזוינע צופאלען, און צייטענווייז האב איך
„געזינדיגט בנוגע צו דער גרעפין, וועלכע איז מיר געווען
„אזוי טייער, און דער שיקזאל פון וועלכער איז געווען
„אויף מיר. ווען די ארבייטער האבען געהאט סכסוכים מיט
„דער פאליציי, זענען זיי אויך געקומען צו מיר, און איך
„האב זיך גענומען זיי צו שיטצען מיט מיינע פליגעל. ווען
„מ'האט זיי איינגעזעצט אין די טורמעס, האב איך זיך ארוים
„געשטעלט פאר זיי, ווען מ'האט בעדארפט, און געשפייזט
„זייערע פאמיליעס די צייט וואס זיי זענען געזעסען. ווען עמיצער
„פון זיי האט בעדארפט מאכען אנ'אייגען געשעפט, בין איך
„ארומגעלאפען אזוי לאנג ביז איך האב געקריגען געלד פון
„זייניגטוועגען, און שטענדיג האב איך געגעבען פון מיין

„אײַנגענער קעשענ'ע אין גאַנצען וויפיעל עס האָט נאָך
„געפעהלט. מײַן הויז איז געווען פאַר זײַ אָפען א גאַנץ יאָהר.
„יעדען אַנטלאָפענען, יעדען וואָס האָט בעדאַרפט אַנטלויפען,
„האָט מען געבראַכט צו מיר אין שטוב, דאָרטען האָב איך איהם
„בעהאַלטען גאַנצע טעג, וואָס דאָס איז געווען אַ גרויסע
„סַכָּנָה פאַר מיר און דער גרעפין, און נאָכדעם האָב איך
„איהם אַוועקגעשיקט מיט פערד קײַן האָלאַנד א. ז. וו.
„יעדעס נײַ-יאָהר פלעג איך בעגעגנען אײַנאײַנעם מיט זײַ און
„פלעג האַלטען רעדעס פאַר זײַ, און ווערבּע איך האָב
„דורכגעקוקט אַלעס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אינ'ם מֶשֶךְ
„פונ'ם יאָהר און אָנגעוויזען אויף דעם גאַנג פון דער
„היסטאָרישער ענטוויקלונג. אינ'ם פערלויף פון אַ לאַנגע
„צײַט האָב איך — אין דעם מֶשֶךְ פון גאָר דער שטאַרקסטער
„רעאַקציע — נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די פאָליצײַ האָט
„מיך שטאַרק פערפאָלגט: גרעסערע אָדער קלענערע טײַלען
„פון דער פאָליצײַ פרעגען ליגען בעהאַלטען אין די קוסטעס
„אַנטקעגען מײַן הויז — האָב איך געלײַענט בײַ זיך אין שטוב
„לעקציעס וועגען דער סאָציאַלער ענטוויקלונג פונ'ם 1778
„יאָהר גאָר נישט קוקענדיג אויף די אויפרײַצונג פון דער
„פאָליציי געגען מיר. ביז די אַרבײַטער אַלײַן, געגען מײַן
„ווילען, האָבען געזאָגט, אַז זײַ ווילען און וועלען ניט דער-
„לאָזען, אַז איך זאָל זיך מעהר געפינען אין אַזאַ געפאַהר
„און זײַ האָבען לַחֲלוּטִין אויפגעהערט קומען צו מיר. די
„פאָליצײַ און דער אָבער-פּראָקוראָר האָבען קײנמאָל מיר
„נישט געקענט בעשולדיגען אין עטוואָס. דערפאַר אָבער
„האָבען זײַ געקענט מיר אָבצאָהלען אויף אַנ'אַנדער אופן.
„מײַנע שטענדיגע אונטער-האַנדלונגען מיט דעם פּראָלע-
„טאַריאַט האָבען אויפגערײַצט די גאַנצע ביוראָקראַטיע אין
„דיסעלדאָרף און אין דעם רהײַנער פּראָווינץ. און צוליעב
„דעם, וואָס זײַ האָבען זיך געוואָלט נוֹקֵם זײַן אָן מיר, האָב
[illegible] פערשפּיעלט אַלע פּראָצעסען פון דער גרעפין".

ז.

אין 1857 יאָהר האָט אַלֶכּסַנְדר פאָן הומבאָלדט זיך אויסגעסטאַרעט בײַם קעניג אַנ'ערלויבּנישׁ פאַר לאַסאַלען צו וואָהנען אין בּערלין. לאַסאַל האָט בּעדאַרפט קומען אַהין צוליעב זײַן „הערַאַקליט”. אויך האָט ער געוואָלט געפינען זיך אין'ם צענטער פונ'ם גײַסטליכען לעבען אין דײַטשלאַנד. נאָך אַקורצער צײַט איז אויך די גרעפין איבּערגעפ..רען קײַן בּערלין. לאַסאַל האָט געלעבּט אין בּערלין זעהר אַ רײַך לעבען. אין זײַן הויז פלעגען זיך צונויפקומען אַלע גרעסטע פון בּערלין. אָפט פלעגט מען פערבּרענגען בײַ איהם גאַנצע נעכט און מ'פלעגט שמועסען איבּער פערשידענע ענינים. ס'פלעגען פאָרקומען צווישען די געסט, שאַרפע וִכּוּחים, נאָר שטענדיג ווען דער בַּעל־הַבַּיִת פלעגט זיך אַרײַנמישען, פלעגען שוין אַלע אַנטשוויגען ווערען און מיט גר״ם פערגניגען אויסהערען די לעבּעדיגע, שענע, קלוגע רעד זײַנע, וועלכע האָבּען געפליעסט אַזוי ווי פון אַ שטאַרקען לויפענדען קוואַל. די צאָהל פון די געסט זײַנע, פון זײַנע פערעהרער און גוטע פרײַנד האָבּען געוואָקסען. זײַנע גײַסטיגע מַעֲלוֹת האָבּען צוגעצויגען יעדען צו זיך.

נאָר ס'האָבּען זיך געפונען אײניגע, וועלכע האָבּען איהם ניט געקענט לײַדען, וועלכע האָבּען איהם מְקַנֵא געווען פאַר וואָס ער איז דער צענטער אין יעדער געזעלשאַפט און זענען איהם געוואָרען שוֹנְאִים. מעהר קענען מיר דערלאָזען, אַז ער האָט געקענט האָבּען שוֹנְאִים, דאַמאָלס, ווען מיר ווילען זיך דערמאַנען, ווי אַזוי ער האָט געקענט מאַכען אַ תֵּל, אירָאָניזירען פון דעם, וועלכער איז איהם ניט געפעלען געוואָרען.

צווישען זײַנע שוֹנְאִים איז געווען אײנער אַ בּעאַמטער פון דער פערוואַלטונג מיט דעם נאָמען פ אַ בּ ר י צ ע, וועלכער האָט זיך בּעלײדיגט אויף לאַסאַלען לְמַאי ער האָט אײנמאַל אַשמײכעל געטהון ניט אַזוי ווי איהם — פאַבּריצען — איז געפעלען.

לויט לאַסאַל שרײַבּט מאַרקסען אין אײנעם פון זײַנע בּריעף אין יענער צײַט, זענען אַוועקגעגאַנגען פיער חֳדָשִׁים פון יענעם צופאַל, בּיז פאַבּריצע האָט איהם אַרויסגערופען אויף אַ דועל. אין דעם מֶשֶׁך פון די פיער חֳדָשִׁים, ווי לאַסאַל שרײַבּט, נאָכדעם ווי ער

האָט פּאַבּריצע בּעליידיגט, האָט ער זיך גאָר ניט געהאַלטען בּרוגז אֲפִילוּ מיט לאַסאַלען. איינמאָל זענען זיי געזעסען צוזאַמען אין אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער ס'איז פאָרגעקומען אַ שמועס וועגען דועל. לאַסאַל האָט זיך אַרויסגעזאָגט געגען דועל. אויף דער פראַגע פון איינעם פון דער געזעלשאַפט, האָט ער געענטפערט, אַז אין דער פּראַקטיק וואָלט ער זיך אויך אַזוי נוהג זיין: ער וואָלט ניט אָנגענומען דעם אַרויסרוף אויף אַ דועל. אויף מאָרגען, נאָכדעם וואָס פּאַבּריצע האָט געהערט נעכטען רעדע לאַסאַלען וועגען דועל, האָט ער איהם געמאַכט דעם אַרויסרוף. לאַסאַל, וועלכער האָט גערעכנט אַ דועל פאַר אַנ' „אונזיניגע פערשטיינערונג פון שוין אַנ'איבּערגעגאַנגענע מַדְרֵגָה פון קולטור", האָט זיך אָבּגעזאָגט פון צוגעהן איבּערשיסען זיך מיט אַ פּאַבּריצען. פּאַבּריצען האָט פְּלוּגֶר'שט די מַעֲשֶׂה שטאַרק געאַרט, גלייך ווי ער האָט אין אֱמֶת'ן געוואָלט געהן אויף אַ דועל מיט לאַסאַלען. ער האָט בּעשלאָסען זיך נוֹקם צו זיין אָן איהם. ער מיט אַ חָבֵר זיינעם זענען אין אַ אָבּענט אָנגעפאַלען אויף לאַסאַלען, ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס. פּאַבּריצע האָט איהם געוואָלט אַ שְׁמַיִים טהון מיט אַ בּייטשעל, וואָס ער האָט געהאַלטען אין האַנד. לאַסאַל אָבּער איז אין דעם אויך געווען מעהר בְּרִיָה ווי ער. נאָך איידער פּאַבּריצע האָט זיך גערירט, האָט ער איהם געגעבּען מיט זיין שטעקען איבּערן קאָפּ און האָט איהם פערוואונדעט. די פערשוינען זענען אַנטלאָפען מיט גרויס חֲרָפָּה, און לאַסאַל איז אַוועקגעגאַנגען רוהיג אַהיים, ער האָט נאָר זיין שטעקען געפּטר'ט אין דער מִלְחָמָה, ער האָט איהם צעבּראָכען אויף זייערע קעפּ. מיט דעם אינצידענט האָט געקלונגען גאַנץ בּערלין.

אין דעם יאָהר וואָס לאַסאַל איז געקומען קיין בּערלין האָט ער אָבּגעדרוקט זיין אַרבּייט וועגען „הערַאקליטען", וועלכע האָט איהם געמאַכט אַ גרויסען נאָמען אַלס געלעהרנטען. בִּכְלָל האָט ער פיעל געאַרבּייט אין דער צייט אויף פערשיעדענע וויסענשאַפטליכע ווערק.

בּעזאָנדערס איז ער געווען שטאַרק בּעשעפטיגט מיט דער דראַמאַ זיינער „פראַנץ פאָן זיקינגען", וועלכע ער האָט אָנגעשריבּען נאָך איידער ער האָט געענדיגט הערַאקליטען. די דראַמאַ אַלס אַ טעאַטער־שטיק האָט גרויסע חֶסְרוֹנוֹת, זי שטעלט ניט צופריעדען

די פאַדערונגען פונ'ם ריינעם קינסטליכען שטאַנד=פונקט. נאָר דערפאַר אָבער איז זעהר גרויס דער ווערט פון דער גרונד אידעע, וועלכע איז אין איהר, זי איז וויכטיג צוליעב איהר רעוואָלוציאָנערער טענדענץ.

די גרונד אידעע פון דער דראַמאַ איז דער געדאַנק: אַז די מיטלען, דורך וועלכע יעדעם רעוואָלוציאָנערעס ציעל וויל ערריַיכט ווערען, מוזען אויך זיין רעוואָלוציאָנערע, אַז יעדע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג קען נאָר דאַמאָלס רעאַליזירען איהר אידיאַל, ווען זי ניצט בלויס רעוואָלוציאָנערע מיטלען, נישט קיין דיפּלאָמאַטיע.

„וואָרום יעדעם ציעל, — שריַיבט ער אין זיין לאַנגען „בריעף צו מאַרקסען וועגען דער דראַמאַ, — קען נאָר „דאַמאָלס ערריַיכט ווערען, ווען דער מיטעל אַליין איז שוין „פאָראויס דורכגעדרונגען אין גאַנצען מיט דעם גייסט און „מיט דעם כאַראַקטער פונ'ם ציעל". דער ציעל דאַרף „ערפיעלט ווערען שוין אין דעם מיטעל „אַליין. „דער ציעל, אייגענטליך, ערריַיכט זיך ניט אַ „דאַנק דעם מיטעל, נאָר גיכער איז דער מיטעל „די פאָרם פונ'ם שוין ערריַיכטען ציעל".

דעריבער אַלזאָ: די פיהרערס פון די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען, וועלכע סטאַרען זיך פערדעקען זייערע רעוואָלוציאָנערע ציעלען, ניט רעליעף אַרויסשטעלען זייערע רעוואָלוציאָנערע פאָדערונגען, ניט ניטצען רעוואָלוציאָנערע מיטלען, מיינענדיג, אַז וואָס די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג וועט זיין שטילער, וועט זי מעהר קענען ערריַיכען, וואָרום זי וועט ניט געפינען געגען זיך אַזאַ שטאַרקע געגען=מלחמה פון דער הערשענדער אָרדענונג. — די פאָרשטעהער פיהרען די בעוועגונג צום קבֿר, דערמיט וואָס זיי ווילען מאַכען די רעוואָלוציע שטילער, דערמיט וואָס זיי געהען אויף קאָמפּראָמיסען, דערמיט וואָס זיי פיהו אַ

פּאָליטיק, דערמיט וואָס זיי שטעלען ניט אַרויס דעם אֱמֶת'ן רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער פון דער בעוועגונג, אין דער שפּיצע פון וועלכע זיי שטעהען, אין אַ שאַרפער און אַ קלאָרער פאָרם, נאָר זיי בעהאַלטען איהם פון די הערשענדע קלאַסען, וועט זיך זיי ניט נאָר ניט איינגעבען צו פועל'ן די ווינשען פון דער בעוועגונג, נאָר זי, די בעוועגונג, מוז אין גאַנצען אונטערגעהן, ווארום דורך דער פּאָליטיק זאָגט זי זיך אָב פון איהר עיקר פּרינציפּ און פערבייט איהם מיט ניט קיין וויכטיגע פונקטען.

זעלבסט פערשטענדליך, אַז די דירעקציע פון'ם קעניגליכען טעאַטער, וואו אַהין לאַסאַל האָט געשיקט זיין דראַמאַ, האָט זיי נישט אָנגענומען.

די דראַמאַ האָט ערשיינט אינ'ם 1859 יאָהר. אין דעם איינגענעם יאָהר האָט ער געדרוקט זיין בראָשורע: „די איטאַליענישע מִלְחָמָה און די אויפגאַבע פון פּרייסען — אַ קול פון אַ דעמאָקראַט". יענעם יאָהר איז געוועזען אַ פּאָליטישער קריזיס אין איירָאפּאַ. ס'האָט דאַמאָלס אויסגעבראָכען אַ קריעג צווישען עסטרייך מיט איטאַליע און פראַנקרייך. נאַפּאָלעאָן דער דריטער איז געגאַנגען מיט זיין חַיִל העלפען איטאַליע בעפרייען זיך פון עסטרייך. נאַפּאָלעאָן, געוועהנליך, האָט עס ניט געטהון צוליעב יוֹשֶׁר, ער האָט זיך געהאַט זיינע אויסקוקען אויף דעם. פאַר די איטאַליענער איז דאָס געוועזען אַ בעפרייאונגס מִלְחָמָה. פערפלאָנטערט איז אָבער געוועזען די פראַגע וועגען דייטשלאַנד'ס בעציהונג צו דער מִלְחָמָה, אין דער דייטשער פּרעסע און אינ'ם געזעלשאַפטליכען לעבען האָט געקאָכט און געררוערט צוליעב דער פראַגע, ווי אַזוי דאַרף זיך דייטשלאַנד האַלטען. אין סוף מאַי פונם 1859 יאָהר האָט לאַסאַל אַרויסגעלאָזט זיין בראָשורע וועגען דער פראַגע, אין וועלכער ער איז אַרויסגעטרעטען געגען דער מִלְחָמָה פון דייטשלאַנד מיט פראַנקרייך. צוליעב דער בראָשורע האָט ער זיך פיעל איבער־געשריעבען מיט מאַרקסען און ענגעלסען, וועלכע זענען געשטאַנען פונקט אויף'ן געגענזעצליכען שטאַנד־פונקט. געוועהנליך, ווען דאָ וואָלט געגאַנגען נאָר וועגען דעם, צו מ'דאַרף שטערען איטאַליע אין איהר שטרעבען צו בעפרייען זיך אָדער ניט, וואָלט ניט געקענט זיין קיין וִכּוּחִים צווישען זיי. נאָר די זאַך איז געוועזען ניט

אַזוי פראָסט. דאָ איז אויך געווען פערמישט די אינטערעסען פון דער רעוואָליוציע אין דייטשלאַנד און די אינטערעסען פון דעם אַלגעמיינעם פראָגרעם.

דורך די פיעלע און שווערע אַרבייט איז לאַסאַל קראַנק געוואָרען. אין זיינע בריעף צו זיינע גוטע פריינד קלאָגט ער זיך, אָפטמאָל, אַז ער פיהלט זיך גאָר שלעכט.

„אַלזאָ, — שרייבט ער צום פּאָעט פריליגראַט,
„— ס'קומט שוין פאַר מיר אָן די צייט פון נאָך האַלבען טאָג
„— איך פערשטעה צופיעל דעם געפיהל! איך האָב מיר
„תמיד גערעכענט פאַר אַ פאַרשטעהער פון דער אייביגער
„יוגענד. נאָר פון אַ קורצע צייט הויב איך מיר אָן איבער־
„צייגען, אַז מיט מיר הויבט אויך אָן ווערען דאָס נעמליכע
„וואָס מיט יעדען. חאָטש איך בין נאָך יונג, איך האָב
„קוים עררייכט דעם האַלבען טאָג פון מיין לעבען, נאָר איך
„פיהל שוין ווי ס'קומט צו דאָס עלטער אין דער פאָרם פון
„שלאַפּקייט. וואו איז אַהינגעקומען אָט די יונגע קראַפט,
„פאַר וועלכער אַלעס איז געווען אַ געלעכטער, און קיין
„זאַך האָט איהר ניט געקענט גובר זיין; שוין גאַנצע
„חדשים, אַז איך לייד שטאַרק, אַז איך קען שוין מעהר
„ניט געוועלטיגען איבער זיך אַזוי ווי פריהער".

אינ'ם זומער פונ'ם 1860 יאָהר איז לאַסאַל אַוועקגעפאָהרען אין וואַכען אויף באַד־קור. דאָ האָט ער זיך בעקענט מיט סאָפיע סאָלנצאָוו, וועלכע איז געקומען פון רוסלאַנד אַהין מיט איהר קראַנקען פאָטער. זי האָט אויף איהם געמאַכט אַ שטאַרקען איינ־דרוק, און ער האָט איהר פאָרגעלעגט חתונה האָבען פאַר איהם. סאָפיע, וועלכע איז געווען אַ געוועהנליכע נאַטור, האָט ניט געקענט ליעב האָבען אַזוינעם ווי לאַסאַלען, דען ער איז געווען צו הויך, צו טיעפזיניג פאַר איהר. זי האָט נור געקענט איהם פערעהרען אָבער ניט ליעב האָבען. און דעריבער האָט זי נישט אָנגענומען זיין פאָרשלאַג. און דאָס האָט איהם נאָך מעהר „איינגעליעבט אין איהר" ער איז ניט געווען געוואָהנט ניט אויסצופיהרען. מיט איהם — מיט לאַסאַלען — וואַרפט זיך אַ נייַנצעהן יעהריג פריילין! דאָס האָט איהם אַזוי פיעל ליידען פערשאַפט אַז ס'איז

ניט ניחא געוואהרען דאס לעבען. ער האט איהר געבעטען רחמים זי זאל זיין ליבע נישט אפשטויסען. וואלט זי איהם געוועןן געזאגט אײנמאל פאר אלע מאל, אז זי וועט איהם קײנמאל ניט ליעב האבען, וואלט ער, געוויעהנליך, געוועןן געקענט זיך צווינגען צו פערגעסען אן איהר. ער איז געוועןן צופיעל בעשענקט מיט א שטארקען ווילען, ער זאל עס ניט קענען טהון, ער איז צופיעל געוועןן גרויס ביי זיך, ער זאל זיך צופיעל בעטען. ביי איהר איז אבער געוועןן א כבוד וואס לאסאל „דרעהט" זיך ארום איהר. אמת חתונה האבען האט זי ניט געוואלט פאר איהם, אבער אלס „א גוטען ברודער" האט זי איהם ניט געוואלט אנווערען; זי האט איהם אלץ גע־ענטפערט, אז „זי וועט איהם אפשר ליעב קריגען. לאסאל האט גערעכענט, אז דער ענטפער איז נאר פאר ענויות, און דאס האט נאך מעהר געשטארקט זיין ליעבשאפט צו איהר. נאכדעם זענען זיי זיך צופאהרען: לאסאל קיין בערלין און זי מיט דעם פאטער־קיין דרעזדען. אהין האט ער געשיקט א בריעף פון פיער און צוואנציג געדרוקטע זייטען. אין דעם בריעף שילדערט ער פאר איהר אין גאנצען זיין לעבען, זיין מלחמה, זיין כאראקטער. ער גיסט פאר איהר אויס זיין הארץ, ווי אזוי ער האט זי ליעב, שטעלט איהר פאר, וואס פאר א לעבען זי וועט לעבען ביי איהם, וואס פאר א גליק עס ערווארטעט איהר ביי איהם. און ז. וו, און ז. וו. אז זי האט דערהאלטען דעם בריעף, איז זי געוועןן שטארק אויפגערעגט. זי „האט שעור ניט בעשלאסען צו געבען איהם איהר הסכמה", נאר פלוצלונג האט זי „זיך דערמאנט אן דער היים", אן רוסלאנד „ס'האט זיך איהר שטארק פערבענקט אהין" און איז טאקי אוועקגעפאהרען. און ערשט פון דארטען האט זי איהם געענטפערט דעם „ניין".

דער דאזיגער צופאל אין לאסאלס לעבען האט ניט געקענט לאנג האבען א ווירקונג אויף איהם. גיך איז ער געקומען צו זיך. ער האט זיך גענומען נאכאמאל צו זיין ארבייט. אינ'ם 1861 יאהר האט ערשיינט זיין קאלאסאלעס ווערק דער „סיסטעם פון די ערווארבענע רעכט", וועלכע האט נאך מעהר פערשטארקט זיין רעפוטאציע, אין די געלעהרטע קרייזען, אלס געלעהרטען. דער ערשטער באנד הייסט „די טהעאריע פון די ערווארבענע רעכט און דאס צוזאמענ־

שטיסען פון די געזעטצען". און דער אַנדערער: „דער עיקר פון די רוימישע און גערמאַנישע געזעטצע אין זייער היסטאָריש־פילאָזאָפישער ענטוויקלונג" די אויפגאַבע זיינע אין דער דאָזיגער אַרבייט איז געווען: „יוריסטיש־וויסענשאַפטליך בעאַרבייטען דעם פּאָליטיש־סאָציאַלען געדאַנק, וועלכער ליגט אין גרונד פון'ם גאַנצען יעצטיגען היסטאָרישען פעריאָד". אויף דער פראַגע, וואָס ער פרעגט אַליין, „וואָס איז די אינערליכע סבה פון יעדער פּאָליטישען און סאָציאַלען קאַמפף?" — ענטפערט ער: ס'הויבען זיך אויף'ם נייע און זכוּחים איבער דעם בעגריף וועגען די ערוואָרבענע רעכט. און אַט די וכוּחים זענען דער לעבעדיגסטער אינהאַלט פון אַלע סאָציאַל־פּאָליטישע אינעווייניגסטע קעמפּפען פון אונזער יאָהר־הונדערט".

אין דעם אייגענעם יאָהר איז ער אויך געווען ביי גאַריבאַלדען. ער האָט געוואָלט ווירקען אויף איהם צו געהן מלחמה האַלטען מיט עסטרייך, וואָס וואָלט, נאָך זיין מיינונג נאָך, מיטגעבראַכט צו רעאַליזירען זיין געווינשטען אידיאַל, אַז גאַנץ דייטשלאַנד זאָל זיך פעראייניגען. אַז אַנשטאַט די קליינע, בעזונדערע מלוכה'ליך זאָל ווערען „אַ גרויסע רעפּובליק אָהן אַ דינאַסטיע". אין דעם זעלבען יאָהר האָט ער אויך אָנגעשריבען אַן אַרטיקעל איבער לעסינגען און אַ רעדע איבער דעם פילאָזאָף פיכטע. די אויפגאַבע, וואָס לאַסאַל האָט געשטעלט פאַר זיך, אין דער רעדע און אין'ם אַרטיקעל איז אויך געווען צו פּראָפּאָגאַנדירען די אידעע זיינע וועגען דער שאַפונג פון אַ דייטשער פעראייניגטע מלוכה, וואָס ער האָט דאָס גערעכענט פאַר די נאָהענסטע אויפגאַבען, וועלכע מ'בעדאַרף פאַר זיך שטעלען.

---

## ח.

אינם 38 יאָהר האָט אָנגעהויבען בלאָזען אַ ביסעל אַן אַנדער ווינט אין'ם פּאָליטישען לעבען פון דייטשלאַנד. די רעגירונג האָט אָנגעהויבען אַ ביסעל נאָכגעבען די בורזשואַזיע. נאָר ס'האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. גיך האָבען זיך אָנגעהויבען שטאַרקע קאָנפליקטען צווישען דער פּאַלאַטע און דער רעגירונג אין יענער צייט.

לאַסאַל האָט זיך אין דער צייט אין גאַנצען אָנגעהויבען דער־ווייטערען פון דער ליבעראַלער און דער פאַלשער דעמאָקראַטישער פרעסע.

„אָה! — שרייבט ער מאַרקסען — אונזערע פּאָליציי,
„וואָס מ'זאָל ניט זאָגען אויף איהר, איז פאָרט אַפּך מעהר
„אַ ליבעראַלישער אַנשטאַלט, ווי אונזער פרעסע".

לאַסאַל האָט דאַמאָלס פערטראַכט אַרויסגעבען אינאיינעם מיט מאַרקסען אַ טעגליכע פּאָליטישע צייטונג. צוליעב דעם צוועק איז געקומען צו איהם מאַרקס בכדי אַרום צו רעדען דעם ענין. לאַסאַל האָט גערעכענט, אַז דורך דער אַמנעסטיע, וואָס דער קעניג וועט אויסרופען פאַר די פּאָליטישע פערברעכער, וועט אויך מאַרקס קענען קומען צוריק קיין בערלין, ס'איז אָבער אַזוי ניט געווען. די אַמנעסטיע איז געווען נאָר פאַר די וואָס ס'איז נאָך ניט אַוועקגעגאַנגען קיין צעהן יאָהר, זינט זיי האָבען פערלאָזט פרייסען; יענע, אָבער, וועלכע האָבען פערלאָזט פרייסען פריהער מיט צעהן יאָהר, צווישען וועלכע ס'האָט זיך אויך מאַרקס געפונען, האָבען ניט געקענט צוריקקומען. לאַסאַל האָט אַלזאָ דעם וואונש זיינעם ניט געקענט ערפילען, דאַמאָלס, ווען פון טאָג צו טאָג האָט ער זיך אַלץ מעהר און מעהר איבערצייגט, אַז די בורזשואַזיע איז ניט פעהיג צו ערפילען די היסטאָרישע אויפגאַבע. ער איז אַלץ מעהר און מעהר אויפגערעגט געוואָרען געגען די מיטלען, וועלכע מ'האָט אָנגעווענדעט געגען דער רעאַקציע. זי, די בורזשואַזיע, האָט זיך געפונען צווישען צוויי פייערען, פון איין זייט האָט זי בעדאַרפט קעמפפען געגען די רעגירונג. אַליין, געוועהנליך, איז זי געווען צו שוואַך, אַז זי זאָל קענען גובר זיין די לעצטע. זי האָט בעדאַרפט, דעריבער, האָבען די הילף פונ'ם פּראָלעטאַריאַט. נאָר צופיעל לאָזען דעם פּראָלעטאַריאַט נעהמען אַן אַקטיווען אָנטהייל אין דעם קאַמפף האָט איהר נאָך וועניגער געלוינט. אין לעצטען פאַל, האָט די בורזשואַזיע מורא געהאַט, וועט קודם כל דער פּראָלעטאַריאַט זאָרגען פאַר זיך. זי האָט דעריבער בעדאַרפט האָבען אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל שטעהן שטום, אונ־בעוואוסט־זייענדיג אונטער איהרע פלייצעס, כדי זי זאָל קענען שרעקען מיט זיי די רעגירונג.

און ווירקליך, די אַרבייטער זענען דאַמאָלס נישט געווען קיין פּאָליטישע פּאַרטיי. די אַלע דעמאָקראַטען, פּראָגרעסיסטען, וועלכע האָבען אַגיטירט צווישען די אַרבייטער, האָבען מעהר געאַרבייט פֿאַר די אינטערעסען פֿון דער בורזשואַזיע, ווי פֿאַר די אינטערע־סען פֿון די אַרבייטער, נאָך וועניגער, פֿאַר די אינטערעסען פֿון די אַרבייטער אַ ל ס קלאַס, אַלס היסטאָרישער אָרגאַ־ניזם; דאַמאָלס איז קיין פּאָליטישע אַרבייטער בעוועגונג נאָך ניט געווען. און די בורזשואַזיע האָט זיך שטאַרק געזאָרגט, אַז זיא זאָל ניט זיין. די אַרבייטער זענען געווען ניט מעהר ווי אַ כּלי־זין ביי דער בורזשואַזיע אין די הענט גובר צו זיין די רעגירונג.

צווישען דער אַרבייט און צווישען דעם קאַפּיטאַל־האָבען גע„דרשה"ט די בורזשואַזיע פּובליציסטען פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט־הערשט אַ האַרמאָניע. וואָס מעהר דער קאַפּיטאַליסט איז רייכער, איז די לאַגע פֿונ'ם אַרבייטער בעסער. און אָט די עקאָנאָמישע האַרמאָניע פֿערגלייכט זייערע פּאָליטישע פּרינציפּען, אַזוי אַז דער פּראָליעטאַריאַט האָט זיך ניט וואָס איינצושפּאַרען נעהמען אַנ' אַנטייל אין פּאָליטישען לעבען. זי, — די בורזשואַזיע — וואָס איז אַזוי עקאָנאָ־מיש געבונדען מיט די אַרבייטער. קעמפּפט שוין בּמילא פֿאַל די אינטערעסען פֿון די אַרבייטער אין איהר איינענעם קאַמפּף געגען דער רעגירונג. בּכלל האָבען זיי אַוועקגעלעגט „רייב און לעבען" איינצושמועסען די אַרבייטער, אַז מיט וואָס — וואָס, נאָר מיט פּאָליטיק דאַרפֿען זיי זיך ניט פֿערנעהמען. די בורזשואַזיע האָט גע־וואָלט זיי איינרייידען, אַז זיי דאַרפֿען דווקא ניט וועלען די אַלגעמיינע וואַהל־רעכט. ס'איז גאַנץ גענוג פֿערמעגענס־צענז. דער עיקר דאַרפֿען זיך די אַרבייטער פֿערלאָזען נאָר אויף איהר. פֿון דער רע־גירונג דאַרפֿען זיי גאָר ניט פֿאָדערען. זי, די רעגירונג, דאַרף זיך ניט אַריינמישען צווישען די אַרבייטער און דעם קאַפּיטאַל. אויך האָט זי ניט וואָס צו כּישען זיך, וואָרום צווישען אַרבייטער און קאַפּיטאַליסט הערשט אַ האַרמאָניע. מיט איין וואָרט, די גאַנצע אַרבייט זייערע איז געווען איינצושמועסען די אַרבייטער, אַז זיי דאַרפֿען זיך אין פּאָליטיק נישט מישען. וואָרום זיי האָבען ווער ס'זאָל זיך זאָרגען פֿאַר זיי. זי, די בורזשואַזיע איז די געטרייע מוטער זייערע.

און דאַמאָלס, ווען מ'האָט מורא געהאַט אַז די אַלע דרשות וועגען דער האַרמאָניע, וואָס הערשט צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט זענען צו שוואַך צו ווירקען אויף די אַרבייטער, האָט מען זיך שוין געוואָרפען אויף אַנ' אַנדער זייט. דער בעוואוסטער שולצע-דעליטש האָט פּראָפּאַגאַנדירט צווישען די אַרבייטער זיינע אידעען „וועגען זעלבסט-הילף"; צו גרינדען קרעדיט-און-געברויכס-אַרטעלען. ער האָט אַפּילו אויך געפונען אַנ' עצה, ווי אַזוי די אַרבייטער זאָלען ווערען קאַפּיטאַליסטען. ער האָט זיי געעצה'ט איינשפּאַרען און איינקאַרגען. נאָר אויך ער האָט געפונען, אַז די אַרבייטער דאַרפען למען השם נישט פערנעהמען זיך מיט פּאָליטיק, אַז ס'איז גאָר אַ חרפּה און אַ בושה, זיי זאָלען אַרויסקוקען, אַז די רעגירונג זאָל זיי קומען צו הילף; אויך ער האָט אויסגעוויזען, אַז די אַר-בייטער דאַרפען ניט קעמפפען פאַר דער אַלגעמיינער וואַהלרעכט. און ווירקליך, שולצע-דעליטש האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף די אַרבייטער. נאָר גאָר די ראַדיקאַלע פון זייערע פיהרער, דער צאָהל פון וועלכער איז געווען זעהר ווענעג, האָבען אָנגעהויבען פיהלען, אַז דאָס אַפּוטרופּסות פון דער בורזשואַזיע איז ניט אַזאַ גרויסער גליק פאַר זיי.

און מיט דער גאַנצער נשמה האָט זיך לאַסאַל יעצט גענומען וואַרפען דער פּראָגרעסיווער פּאַרטיי ביז צו דר'ערד, בכדי אויפצו-שטעלען אויף איהר אָרט די אַרבייטער-בעוועגונג. שוין יעצט האָט ער פערטראַכט דעם גרויסען-געדאַנק זיינעם: צו שאַפען אַ פּאָליטי-שע אַרבייטער-בעוועגונג אין דייטשלאַנד:

די ערשטע אַרבייט זיינע איז געווען אויסצולאַכען די שוואַכע טאַקטיק פון די פּראָגרעסיסטען צו ווייזען אויף די סתירות פון זייער פּאָליטיק און ווי ווייט זיי פיהרען זייער קאַמפּף געגען דער רעגירונג אָהן ענערגיע און שטאַרקייט.

אינ'ם 1862 יאָהר, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקעהרט פון איטאַליע, האָט ער אַרויסגעלאָזט זיין פּאַמפלעט וועגען אַליאָן שמידט, וועלכער איז דאַמאָלס געוועזען דער הויפּט רעדאַקטאָר פון דעם צענטראַלען אָרגאַן פון דער אַלטער ליבראַלער פּאַרטיי. דער אַליאָן שמידט איז געווען אַ ליטעראַטורהיסטאָריק. דער אוי-טאָריטעט זיינער איז געווען זעהר גרויס אין דער ליטעראַטור און אין

דער פּאַרטיי, מ׳האָט איהם גרופֿען „דער גרויסער מאַנן". לאַסאַלען איז דעריבער ווילכטיג געווען אויסצולאַכען „דעם גרויסען מאַנן", אראָב צו וואַרפֿען איהם פֿון דעם הויכקייט, אויף וועלכען ער איז געשטאַנען. „ווען מיין ווילען זאָל זיין נאָר איין ערשיינונג, וואָלט איך מיר ניט צוגעריהרט צו איהם אֲפילו מיט אַ צוואַנג!... נאָר ער איז אָבער נישט איינער". שרייבט לאַסאַל אין דער פאָררעדע צו דער בראָשורע.

אין חודש מאַי האָט ער געהאַלטען זיין טיעפֿע, וויסענשאַפֿטליכע רעדע „וועגען קאָנסטיטוציע, אין זעהר אַ לייכטער, קלאָרער פֿאָרם, גיט ער אין איהר צו פֿערשטעהן, אַז די רעגירונגסאַנשטאַלטען האַלטען זיך תָּמיד אויף דעם יְסוד פֿונ׳ם עקאָנאָמישען בִּנְיָן פֿון דער געזעלשאַפֿט. אין זיי דריקען זיך אויס די רעאַלע, פֿאַקטישע בעציעהונגען, וואָס צווישען די פֿערשיעדענע קלאַסען פֿונ׳ם לאַנד. אָט די רעאַלע פֿאַקטישע בעציהונגען, וואָס צווישען די פֿערשיעדענע קלאַסען פֿונ׳ם לאַנד זענען דער גרונד־געזעטץ פֿון דעם גאַנצען רעכטליכען בִּנְיָן פֿונ׳ם לאַנד, דער גייסט פֿון וועלכען ס׳דאַרף זיך אויך געפֿינען אין די אַלע נייע געזעטצען, וועלכע ווערען אַרויסגעגעבען. דעריבער איז דאַמאַלס ווען ס׳בייטען זיך די רעאַלע־פּאָליטישע בעציהונגען, צווישען די קלאַסען פֿון דער געזעלשאַפֿט, בייט זיך אויך דער גרונד־געזעטץ פֿונ׳ם גאַנצען רעכטליכען בִּנְיָן פֿונ׳ם לאַנד. ס׳דאַרפֿען דאַמאָלס פֿאַלען די אַלע רעגירונגס, וואָס האָבען עקסיסטירט ביז אַהער, ס׳דאַרף אַוועקגענומען ווערען די רעאַלע פֿאַקטישע קראַפֿט פֿון דער פֿריהערדיגע געזעלשאַפֿטליכע מאַכט, וואָס האָט געהערשט איבער דעם לאַנד און אוועקגעגעבען ווערען יענע מאַכט, וועלכע דאָס לעבען האָט יעצט אַרויסגערופֿען. אַנשטאָט וואָס ביז יעצט האָט דאָס מיליטער געהערט צום קעניג צו זיין כְּלִי זיין אין זיינע הענט, ער זאָל קענען דורך איהם פֿערווירקליכען זיין מֶמְשָׁלָה, דאַרף יעצט, — ווען די מֶמְשָׁלָה איבערן לאַנד ווערט אַוועקגעגעבען דער געזעלשאַפֿט — געהערען צו איהר, צו דער געזעלשאַפֿט, בִּכְדֵי די רעאַלע, פֿאַקטישע מאַכט זיין ביי איהר אין די הענד, בִּכְדֵי דער קעניג זאָל ניט קענען דורך

דער אָרגאַניזירטער קראַפט פונ'ם מיליטער שטעלען זיך געגען דער נישט אָרגאַניזירטער קראַפט פון דער געזעלשאַפט. און דאָס נעמליכע איז בנוגע צו אַלע אָרגאַניזירטע כּוחות פון פערשיעדענע רעגירונגס אָרגאַניזאַציעס. אויך זיי דאַרפען ניט בלייבען אין די הענט פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל זיי קענען אויסניטצען געגען דער געזעלשאַפט. פערקעהרט, זיי דאַרפען איהר דינען, זיי דאַרפען זיין איהר כּלי-זין. דער עיקר פון אַ קאָנסטיטוציע איז אַלזאָ נישט אין דעם, וואָס זי איז אָנגעשריבען, נאָר אין די רעאַלע פאַקטישע בעציהונגען וואָס צווישען די רעאַלע פאַקטישע געזעלשאַפטליכע כּוחות. דעריבער טויג לגמרי ניט דער אופן קאַמפף, וואָס די פּראָגרעסיסטען פיהרען פאַר דער „פּאַפּירענער קאָנסטיטוציע", דאָס וואָס זיי קומען מיט טענות פון רעכט, נאָר מיט טענות מיט מוסר, למאי חיל מען ניט האַלטען קיין וואָרט, נישט מקיים זיין דאָס וואָס מ'האָט אָנגעשריבען. אַנשטאָט אַזוינע טענות דאַרף מען זעהן און לעבען אַזוי רעגולירען די רעאַלע-פאַקטישע-געזעלשאַפטליכע בעציהונגען, אַז די געשריבענע קאָנסטיטוציע זאָל זיין די ווירקליכע קאָפּיע פון דער קאָנסטיטוציע אין לעבען. ס'דאַרפען זיין אין לעבען אָט די רעאַלע כּוחות, וועלכע זאָלען קענען צווינגען צו היטען די קאָנסטיטוציע, וואָרום „די קאָנסטיטוציאָנעלע פראַגען זענען ניט קיין פראַגען פון רעכט, נאָר פראַגען פון קראַפט".

פערשטעהט זיך, אַז די טהעאָריע האָט ניט געשמעקט די פּראָגרעסיסטען. זיי וואָלטען אויף אַזאַ אופן בעדאַרפט אָנקומען צו דער הילף פונ'ם פּראָלעטאַריאַט, וועלכען זיי האָבען אַזוי שטאַרק געוואָלט האַלטען אָן דער זייט. מיט וואָס אָבצוענטפערען לאַסאַלען האָבען זיי אָבער, פערשטעהט זיך, ניט געהאַט, האָבען זיי, ווי ס'האָט געפּאַסט פאַר זיי, געכאַפּט זיך צו די געוועהנליכע בורזשואַזנע טענות.

זיי האָבען אַרויסגעטרעטען מיט דעם שלחן-ערוך פון מאָראַל, מ'האָט אָנגעהויבען רעדען אין'ם נאָמען פון יושר, פון די פּרינציפּען פון רעכט און גערעכטיגקייט. זיי האָבען געטענה'ט,

אַז זיי זענען די אֱמֶת'ע טרעגער פון דעם פּראָגרעס, וואָרום זיי רעדען אין'ם נאָמען פון דער רעכט, דאַמאָלס ווען לאַסאַל שטעלט העכער דעם כּח. דערמיט, האָבען זיי געטַעֲנה'ט, סאַקציאָנירט ער די רעאַקציע, וועלכע האַלט זיך אַ דאַנק איהר קראַפט. פון אַלע זייטען האָט מען געשאָסען פייער אויף לאַסאַלען, ער האָט אָבער ניט געהאַט וואו אָבצוענטפערען, וואָרום די גאַנצע פּראָגרע-סיווע פּרעסע האָט פאַר איהם פערמאַכט איהרע טויערען. לאַסאַל איז געווען געצוואונגען דעריבער, צו ענטפערען אין אַ בעזונדערער בראָשורע, וועלכע ער האָט געדרוקט אין אויסלאַנד, מיט דעם נאָמען „כּח און רעכט". אין איהר האָט ער קינסטליך אויסגעלאַכט דעם „יְרֵא-שָׁמַיִם פָּנִים" פון די פּראָגרעסיסטען.

„ווען איך וואָלט געוועזען בעשאַפען די וועלט" — שרייבט ער „דאָרט, — קען זעהר גוט זיין... אַז איך וואָלט געוועזען „געמאַכט אין איהר אַזאַ אָרדענונג, אַז דאָס רעכט זאָל „שטעהן העכער פאַר דער קראַפט; דאָס שטימט פאָלקאָם „מיט מיין עסטעטישען שטאַנד-פונקט און מיט מיינע ווינשע. „נאָר צום בעדויערען, איז מיר ניט אויסגעקומען בעשאַפען „די וועלט און דעריבער מוז איך אָבשטויסען פון זיך יעדע „פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער הערשענדער אָרדנונג אין „איהר. דער צוועק, וואָס איך האָב געהאַט פאַר זיך אין „מיינע בראָשורען וועגען דער קאָנסטיטוציע, איז געווען ניט „רעדען וועגען דעם, וואָס ס'וואָלט בעדאַרפט זיין, נאָר „וועגען דעם וואָס עס איז אין דער ווירקליכקייט פאַראַן... „די בראָשורען זענען נישט אַ עטישער טראַקטאַט, נאָר „אַ היסטאָרישע אויספאָרשונג. איבערדעם זאָג איך זיך אָב פון „דעם קאָמפּלימענט, אַז פאָן ביסמאַרק און גראַף קראַסאָוו „פיהלען זיך אַלס מיינע שילער".

און אין איינעם מיט דעם וואָס ער האָט געבאָמבאָדירט די פּאָליטיק פון די פּראָגרעסיסטען, אין איינעם מיט דעם האָט ער אויך אָנגעהויבען זיין גרויסע טהעטיגקייט אַרונטער צו וואַרפען פון די אַרבייטער דאָס אַפּוטְרוֹפְּסוּת פון דער בורזשואַזיע, אָרגאַניזירען זיי אין אַ זעלבסשטענדיגע פּאָליטישע פּאַרטיי.

אין דעמזעלבען יאָהר האָט ער געלייענט זיין וואונדערבאַרע

לעקציאָן איבער דער „בעזאָנדערער פערבינדונג , וואָס צווישען דעם יעצטיגען היסטאָרישען פעריאָד אין דער אידעע פון דעם אַרבייטער קלאַס” , וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ בעזונדערע בראָשורע מיט דעם נאָמען „דאָס פּראָגראַם פון די אַרבייטער” .

דאָס ציעל פון דער לעקציאָן איז געווען צו דערוויַיזען , אַז די בורזשואַזיע קען ניט זיַין די אַפּיטרופּסית פון די אַרבייטער , אַז די אינטערעסען פונ׳ם אַרבייטער און דעם קאַפּיטאַליסט זענען ניט גליַיך , אַזוי ווי די בורשואַזנע פובליציסטען האָבען געוואָלט איַינשמועסען די אַרבייטער , אַז דער פּרינציפּ פון דער אַלגעמייַנער וואַהל-רעכט , דאַרף ביַי די אַרבייטער קיינמאָל ניט פערגעסען ווערען , זיי דאַרפען פיהרען פאַר איהם דעם שאַרפסטען קאַמפּף .

נאָר נאָך מעהר , ניט נאָר די אַרבייטער דאַרפען זיך מישען אין פּאָליטיק , נאָר זיי זענען די איינציגע פּאַרטיַי , וואָס נאָך איהרע פּאָליטישע פּרינציפּען דאַרף זי און קען קעמפען פאַר דעם נייַעם געזעלשאַפטליכען פּרינציפּ . פאַר דעם פּרינציפּ , וואָס דער יעצטיגער היסטאָרישער מאָמענט שטעלט אַרויס : מבטל צו זיַין דאָס צוטיילונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט אין פערשידענע קלאַסען , כדי צו פערגליַיכען אַלע מענשען אין זייערע רעכטען . דעריבער איז זייער קאַמפּף ניט אַ קאַמפּף פון איין קלאַס , וועלכער וויל פערהיטען בלויז אייגענע אינטערעסען , נאָר אַ קאַמפּף פאַר דער גאַנצער מענשהייַט ; אין דער צייַט ווען די אינטערעסען פון אַלע אַנדערע קלאַסען , ניט נאָר זיי שטימען ניט מיט די אינטערעסען פון דער גאַנצער מענשהייַט , נאָר זיי מוזען געהען ג ע ג ע ן זיי .

די בורזשואַזיע אין איהר קאַמפּף אין דער צייַט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט אמת אויסגעשריגען , אַז זי קעמפט פאַר דער פריַיהייט און גליַיכהייַט פון אַלע מענשען . נאָר גיך האָט זיך בעוויזען , אַז ס׳איז נאָך קאַרג מ׳זאָל זיַין אַ לעבעדיגער , דענקענדער אָרגאַניזם , בכדי מ׳זאָל האָבען דאָס רעכט צו רעכענען זיך פאַר אַ מענשען אין איהרע אויגען , נאָר דער עיקר דאַרף מען זיַין אַ קאַפּיטאַליסט . זיי האָבען געקעמפט געגען דעם וואָס די

מְמְשָׁלָה איז געווען אין די הענד פון דער פעאָדאַלער אַריסטאָ־קראַטיע, ניט דערפאַר, וואָס יעדער קלאַס דאַרף האָבען אַ דֵעָה איבער זיך אין דעם אַלגעמיינעם רעגירונגס אָרט, נאָר זיי האָבען געקעמפפט בלויס צוליעב דעם, אַז די מְמְשָׁלָה זאָל איבערגעהן צו זיי אין די הענד, כְּדֵי זיי זאָלען קענען יעצט אויסנוטצען דאָס גאַנצע פאָלק פאַר זייערע אינטערעסען, אַזוי ווי די פעאָדאַלע אַריסטאָקראַטיע האָט זיך נוהג געווען ביז דאַמאָלס, זי האָט איינגעפיהרט דעם פערמעגען צענז: אויף נעהמען אַנ'אַנטהייל אין דעם פערוואַלטונג מיט די געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען איז ניט גענוג צו זיין אַ מענש, נאָר מ'בעדאַרף נאָך זיין אַ קאַפּיטאַליסט.

און אַזוי ווי די פעאָדעאַלע אַריסטאָקראַטיע פלעגט אַראָב־וואַרפען פון זיך די פערוואַלטונגס קאָסטען, און האָט אַרויפגע־וואָרפען די גאַנצע שווערע משא פון פערשיעדענע שטייערען און צאָהלונגען נאָר אויף דעם פאָלק, אַזוי איז זיך אויך נוהג די בורזשואַזיע. זי טהוט עס, אפילו, אין אַ פערמאַסקירטער פאָרם, דורך די אונדירעקטע שטייער, וועלכע זיי לעגען אַרויף אויף אַלע נויטיגסטע געברויך־פּראָדוקטען, וועלכע זיי ברייגען אַריין דעם עִיקר הַכְנָסָה פאַר דער רעגירונג. וואָרום די סומע געלד, וועלכע פאַלט אַריין פון די שטייערען, וואָס די בורזשואַזיע צאָהלט, בְּעֵת זי קויפט די נויטיגע לעבענס־פּראָדוקטען איז זעהר אַ קליינע, כִּמְעַט, ווי גאָר ניט אין פערגלייך מיט דער סומע געלד, וועלכע ווערט אַריינגעבראַכט פון די אונפערמעגליכע קלאַסען, וואָס זיי בילדען, כִּמְעַט, דאָס גאַנצע פאָלק. אַ גרויסער קאַפּיטאַליסט קען איינשלינגען דאָס פערדינסט פון הונדערטער אַרבייטער אַ טאָג, וואָס זיי וואָלטען פערדינען, ווען זיי אַרבייטען פאַר זיך, אָבער ער קען אין איין טאָג נישט אויפעסען קיין ברויט אַפילו פאַר קיין צוויי אַרבייטער.

און אָט אַזוי ווערט עס געשעהן די גוואַלדיגע זאַך, אַז די אונפערמעגליכע קלאַסען צאָהלען די אַלע קאָסטען, וואָס זענען נויטיג אויף צופיהרען די רעגירונגס־אַנשטאַלטען, אין וועלכע זיי האָבען קיין דְרִיסַת־הָרֶגֶל, וועלכע זענען אין גאַנצען אָנגעווענדעט געגען זייערע אינטערעסען.

אַזוי זעהן מיר, אַז אויך דער פּרינציפּ פון דער בורזשואַזיע

וועלכער איז ארויסגעטראטען אין דעם פעריאד פון דער פראנ=
צויזישע רעוואלוציע, איז געוועזען א פרינציפ פון עקספלאטירען דאס
פאלק דורך א קליינעם צאהל מענשען, פערהעלטניסמעסיג, ווי
אין דער צייט, וואס דער הערשענדער קלאס איז געוועזען די
פעאדאלער אריסטאקראטיע.

אנדערש "בער" איז דער פרינציפ פון די ארבייטער, וועלכע
איז ארויסגעטרעטען אי'נ'ם 1848 יאהר אין פראנקרייך.

„די ארבייטער האבען גאר ניט אין זייערע הענד,
וואס אנדערע קלאסען פון דער געזעלשאפט
האבען ניט, כדי זייער פרינציפ זאל ווערען א פרינציפ
פון פריוויליגיעס פאר זיי. זייער פרינציפ איז דער פרינציפ
פון דער גאנצער געזעלשאפט".

„אלע זענען מיר ארבייטער, אויב מיר ווילען נאר מיט
וואס ס'איז זיין ניטצליך דער מענשליכער געזעלשאפט".

און „דעריבער זענען די אינטערעסען פון דעם פיערטען
„שטאנד, די אינטערעסען פון דער גאנצער מענשהייט,
„ווארום איהם איז פרעמד דאס שטרעבען צו בעקומען
„א פריווילעגירטען צושטאנד. זיין בעפרייאונג איז די בעפריי=
„אונג פון דער מענשהייט אליין. זיין הערשאפט איז
דאס הערשאפט פון אלע, דאס שטרעבען צו מאכען די
„אידעע פון דעם פיערטען שטאנד פאר דעם הערשענדען
„פרינציפ פון דער געזעלשאפט רופט צו פערניכטען די אלע
„ווידערשפרוכען צווישען די געזעלשאפטליכע קרייזען, רופט
„צו פעראייניגען זיך, אויף וואס ס'דארפען זיך אנרופען
„אלע שונאים פון פריוויליגיעס און פון דער פאלקס=
„עקספלאטאציע. דאס איז אנ'אויפרוף פון ליעבשאפט,
„וועלכע וועט נאכדעם וואס ער האט זיך איינמאל ארויס=
„געריסען פונ'ם פאלקס הארץ, אויף שטענדיג בלייבען זיין
„אייביגער אמת'ער לאזונג"

און דער איינציגער מיטעל אויף צו פערווירקליכען דעם
פרינציפ פון דעם פיערטען שטאנד איז די אלגעמיינע און גלייכע
וואהל=רעכט.

אמת, זי האט אין זיך אויך א סך פעהלערען, נאר זי איז

„די שפיז, וועלכע היילט אליין אוים די וואונדען וואס זי מאכט".

ביי אלגעמיינע וואהל-רעכט מוזען סוף כל סוף די אויסגע-קליבענע פארשטעהער פונ'ם פאלק ווערען די אמת'ע און געטריי מליצים פונ'ם אויסקלויבענדען פאלק.

דער ארבייטער קלאס, ערקלערט ווייטער לאסאל, די אויפגאבען פון דער מלוכה נאך דער אידעע פון דעם ארבייטער קלאס, — קוקט אנדערש אויף דאס ציעל פון דער מלוכה ווי די בורזשואזיע.

דער אידיאל פון דער בורזשואזיע איז, אז די מלוכה זאל פיהרען א ראלע פון א נאכט-וועכטער, פון א פאליציאנט, זי דארף גאר אייגהיטען פון גנבות און רציחות. זיי רעדען כלומרשט אין דעם נאמען פון דער פרייהייט, וואס יעדער מענש דארף האבען צו קענען זיך ענטוויקלען אויסנוטצען זיינע כוחות.

„די אידעע אבער וואלט געווען ריכטיג און נעווינשט דאמאלס, ווען מיר וואלטען געווען אלע גלייך שטארק, גלייך קלוג, געבילדעט און רייך. נאר אזוי ווי דאס איז אבער ניט אזוי און ס'קען אזוי ניט זיין, איז דעריבער ברענגט די אידעע צו דעם, אז דער שטארקערער, דער ריהרעוודיגער, דער רייכערער עקספלאטירט און חאפט אריין צו זיך אין די הענד דעם שוואכערען.

אנדערש איז אבער די אידעע פון דעם פיערטען שטאנד, זיין אידעע איז, אז ס'איז נאך ניט גענוג, אז דער אינדיווידיום זאל האבען די מעגליכקייט אויסצונוטצען אלע זיינע כוחות, ס'איז נאך נייטיג, אז ער זאל זיי אויסניטצען אויף אזא אופן, אז ס'זאל דערפון קיין רעה ניט אויסקומען אנדערע אינדיווידיומען, ער זאל ניט ענטוויקלען זיינע כוחות אויף דעם חשבון פון די איבריגע מיטגליעדער פון דער געזעלשאפט, אין וועלכע ער לעבט. פון דעם קומט ארוים דאס, וואס ער פערשטעהט דאס ציעל פון דער מלוכה נישט אזוי ווי די בורזשו-אזיע: נאר אין דעם, אייגצוהיטען די פערזענליכע פרייהייט און דאס אייגענטהום פון דעם אינדיווידיום.

„דאס ציעל פון דער מלוכה, זאגט לאסאל איז צו ענטוויקלען „דעם מענשען, צו פערשטארקען זיינע כוחות אין זיין קאמפף „מיט דער נאטור, אין זיין שטרעבען צו ערייכען די העכסטע

„מדרגה פון דער ענטוויקלונג פון זיין פרייהייט, אין זיין
„שטרעבען צו ווערען אַלץ נעהנטער און נעהנטער צו דעם
„געווינשטען מענשליכען טיפ. די מלוכה איז אַ פער-
„איינינונג פון איינצעלענע מענשען אין איין
„איינהייט אין וועלכער ס'פערגרעסערען זיך
„אין מיליאָנען מאָל די כוחות פון יעדער
„איינצעלנען מענשען, וועלכע געהן אין איהר
„אַריין. אַן'אונענדליכע פערגרעסערונג פון
„יעדער אינדיווידואַלער קראַפט פון וועל-
„כער זי איז צוזאַמענגעשטעלט".

קיינער האָט ניט געשילדערט—זאָגט בערענשטיין—מיט אַזא התלהבות, מיט אַזא בעגייסטערונג די פאָליטישע מיסיע פונ'ם אַרבייטער קלאַס, ווי לאַסאַל אין דער דאָזיגער רעדע. דאָס איז ניט קיין רעדע נאָר אַגרויס ליעד, דאָס גרעסטע ליעד פונ'ם אַרבייטער קלאַס".

---

און שטאַרק איז געווען לאַסאַלס גלויבען, אַז די מיסיע פון דעם פיערטען שטאַנד וועט פערוויקליכט ווערען אין לעבען.

„פון דער וויַיטענס" האָט ער שוין געזעהן דאָס ערשיינונג פונ'ם גרויסען טאָג, פון דער וויַיטענס האָט ער שוין געזעהן די ערשטע שטראַהלען פון דער זון פון דער שענע צוקונפט.

„האָט איהר אַמאָל געזעהן -פערענדיגט לאַסאַל זיין בעגייס-טערטע רעדע—„פון אַ הויכען באַרג דעם אויפגאַנג פון דער זון?"
„רויטע פאַסען הויבען זיך אָן אויסציהען איבער דעם עק
„הימעל. זיי בעפאַרבען איהם מיט אַבלוטיג-רויטער פאַרב.
„זיי זאָגען אָן אַ נייעם טאָג, די וואָלקען הויבען זיך אויף,
„נעהמען זיך צונויף אינאיינעם און געהען אַנטקעגען דעם
„מאָרגענשטערען. ס'איז אָבער ניטאָ דער כח אויף דער
„ערד, וואָס ער זאָל קענען אָפּשטעלען, שטערען דעם
„שטילען לאַנגזאַמען גרויסען אויפגאַנג פון דער זון. און אין
„אַ שעה אַרום, שטעהט זי שוין גרויס, שטאָלץ אויף דעם
„הימעל און וואַרעמט און שיינט אומעטום".

## ט.

לאַסאַלס לעקציעס האָבען געהאַט אַ גרויסען איינדרוק אויף די מעהר ראַדיקאַלע צווישען די אַרבייטער. זיי האָבען איהם געמאַכט שטאַרק פּאָפּולער. אין פעברואַל פונ'ם 1863 יאָהר האָט זיך געווענדעט צו איהם דער לייפּציגער צענטראַל-קאָמיטעט, וועלכער איז אויסגעקליבען געוואָרען דורך די דאָרטיגע אַרבייטער, אויף צונויפרופען אַן'אַלגעמיינעם קאָנגרעס פון די דייטשע אַרבייטער, בכדי „ער, לאַסאַל, זאָל אַרויסזאָגען זיינע מיינונגען אין דער אָדער יענער פאָרם וועגען דער אַרבייטער-בעוועגונג און וועגען די מיטלען מיט וועלכע זי דאַרף זיך בענוטצען".

לאַסאַל האָט גיך געענטפערט אויף דעם בריעף. דעם ערשטען מאַרט איז שוין אַרוים זיין בראָשורע: „אַן'אָפענער ענטפער צום צענטראַל-קאָמיטעט". אין איהם איז ער מבטל אַלע פּראָיעקטען פון שולצע-דעליטש, ער זאָגט, אַז זיי קענען זעהר וועניג העלפען, נאָר איינצעלנע אַרבייטער, זיי קענען אָבער ניט העלפען דעם גאַנצען אַרבייטער קלאַס. ער בעווייזט אין איהם, אַז די אַרבייטער-בעוועגונג מוז זיין אַ פּאָליטישע בעוועגונג, דער עיקר פון וועלכער דאַרף זיין צו קעמפּפען פאַר דער אלגעמיינער, גלייכער וואַהל-רעכט. צו ענדע עצה'ט ער צו גרינדען אַן'אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער בונד, וועלכער זאָל בעשטעהן פון הונדערט טויזענד אַרבייטער; יעדער זאָל צאָהלען 3½ קאָפּיקעס אַ וואָך. אויף אַזאַ אופן וועט דער בונד האָבען אַ סומע פון הונדערט זעכציג טויזענד רובל אַ יאָהר אויף אַגיטאַציאָנס און פּראָפּעגאַנדע קאָסטען. אויף דעם אָרט פון שולצע-דעליטשעס אַרטעלען רעקאָמאַנדירט ער בעטריבס-אסאָציאַציעס מיט דעם קרעדיט פון דער מלוכה.

דער „אָפענער ענטפער" האָט געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק אויף פיעל פון די דייטשע אַרבייטער. די פּראָגרעסיסטען האָבען אָבער געפיהרט אַ שטאַרקע מלחמה געגען לאַסאַלען. זיי האָבען איהם געוואָלט נידריג שטעלען אין די אויגען פון די אַרבייטער. זיי האָבען אויף איהם געזאָגט, אַז ער דיענט די אינטערעסען פון דער רעאַקציע. זיי האָבען אויסגעוויזען, אַז דורך דער אַלגעמיינער גלייכע וואַהל-רעכט וועט זיך נאָך מעהר שטאַרקען די רעאַקציע. איבריגענס, קוקענדיג פון דעם שטאַנד-פּונקט פון די טעגליכע

אינטערעסען, זענען טאַקי די פּראָגרעסיסטען געווען אַ ביסעל גערעכט, וואָרום פאַר די רעאַקציע וואָלט גאָר ניט געווען זיין שווער אויסצונוצען פאר איהרע אינטערעסען די ברייטע פינסטערע אונענטוויקעלטע מאַסע. לאַסאַל אָבער האָט געקוקט אויף דער זאַך פונ'ם פּרינציפּיעלען שטאַנד־פּונקט. פאַר זיינע אויגען איז געשטאַנען דאָס וואָס די אַלגעמיינע וואַהל־רעכט דאַרף ברענגען אין צוקונפט. איבריגענס, האָבען די פּראָגרעסיסטען, טאַקי, אויך מעהר זיך געשראָקען פאַר די אַלגעמיינע וואַהל־רעכט מעהר צוליעב דעם, וואָס זי וועט מוזען ברענגען אין צוקונפט, ווי פאַרדעם וואָס זי וואָלט געבראַכט אין דער געגענוואַרט. זיי האָבען איהם געמאַכט פאַר אַ רעאַקציאָנער אויך דערפאַר וואָס ער האָט רעקאָמאַנדירט די בעטריבס־אַסאָציאַציע מיט דעם קרעדיט פון דער מלוכה. פ'טייטש, האָבען זיי געטענה'ט, די אַרבייטער זאָלען זיך אונטער־לעגען אונטער דער רעאַקציאָנערער מלוכה, זיי זאָלען בעטען ביי ביסמאַרקען הילף!

און ווירקליך ס'האָט זיך זיי איינגעגעבען אָבצוהיטען די אַרבייטער אין דייטשלאַנד פון לאַסאַלען. די גרעסטע מאַסע האָט זיך בעצויגען צו איהם לויט ווי ס'האָבען איהם דיקטירט די פּראָגרעסיסטען. נאָר ס'האָבען זיך אָבער געפונען פיעל אַרבייטער־פעראיינען, וועלכע האָבען זיך יאָ אָנגערופען אויף לאַסאַלס „אָפענעם ענטפער". בעזאָנדערס האָט מען זיך אויף איהם אָנ־גערופען אין זאַקסען, רהיין און האַמבורג. און נאָך פיעל רייזען אין אַלערליי געגענדען, וואו לאַסאַל האָט געהאַלטען רעדעס פאַר די אַרבייטער, נאָך פיעלע פערזאַמלונגען, אין וועלכע ס'פלעגען זיך געפינען טויזענטער מענשען און אויף וועלכע לאַסאַל פלעגט פיהרען וכוחים מיט די פיהרערס פון די פּראָגרעסיסטען און פלעגט זיי מנצח זיין, האָט זיך, סוף כל סוף, איהם איינגעגעבען אויפצושטעלען דעם בנין, אויף וועלכען ער האָט אַוועקגעגעבען אַזוי פיעל מיה, געזונד און ענערגיע.

אינ'ם 1863 יאָהר אינ'ם דריי און צוואַנציגסטען מאַי זענען זיך צונויפגעפאָהרען קיין לייפּציג דעלעגאַטען פון צעהן גרויסע פאַבריקאַציאָנס־שטעדט און מ'האָט געגרינדעט דעם אַלגעמיינעם

דײַטשען אַרבײַטער־בונד. לאַסאַל האָט תּחלת ניט געוואָלט נעהמען אויף זיך צו זײַן פּרעזידענט פון׳ם בונד, אַזוי ווי דער קאָנגרעס האָט פערלאַנגט, נאָר נאָכדעם, וואָס מ׳האָט עס שטארק געפאָדערט פון איהם, האָט ער מסכּים געווען דערויף, נאָר בתּנאַי, אַז מען זאָל אָננעהמען די פּונקטען, וואָס ער מיט זײַן חבר ציגלער האָבען אויסגעאַרבײַט. זײַן פאָדערונג איז אָנגענומען געוואָרען, דאַן האָט מען איהם אויסגעקליבען פאַר אַ פרעזידענט אויף פינף יאָהר. די גאַנצע הנהגה פון דעם בונד האָט מען איבערגעגעבען צו לאַסאַלען אין דער האַנד. ער האָט בעדאַרפט מאַכען אַ וויצע־פּרעזידענט און די מורשים זײַנע. נאָך לאַסאַלס מײַנונג האָט בעדאַרפט דער בונד זײַן אַ „האַמער אין די הענד פון אײַן מענשען“, כּדי ער זאָל קענען פּראָגרעסירען. אויך די געזעצטע פון פרײַסען וועגען בונדען און פעראײַנען האָט געמוזט זײַן אַזאַ מין צענטראַליזאַציע פון׳ם בונד אין אײַן מענשען.

לאַסאַל האָט זיך איבערגעגעבען מיט דעם גאַנצען לעבען זײַנעם די אינטערעסען פון׳ם בונד. ער האָט אָנגעווענדעט אַלערלײַ מיטעל צוציעהען צום בונד מענשען מיט אַגרויסען אויטאָריטעט.

אין צאָהל פון די גרויסע מענשען פון דײַטשלאַנד, צו וועלכע לאַסאַל האָט זיך געווענדעט, איז אויך געווען משה העס, אײַנער פון די גרעסטע קעמפּפער פאַר דעם סאָציאַליזם אין דײַטשלאַנד און אײַנער פון די גרעסטע זיהן פון אונזער פאָלק, וועלכע האָבען געקעמפּפט פאַר נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקײַט. לאַסאַל האָט אויך אויסגעגעבען פיעל פון זײַן אײַגען געלד, געסטאַרעט זיך מיט אַלע מעגליכקײַטען, אַז ס׳זאָל ניט זײַן קײַן מחלוקת׳ן צווישען די מיטהעלפערס זײַנע. און איהם האָט זיך דאָס נעקענט אײַנגעבען אַ דאַנק דעם, וואָס ער איז געווען אַ מענש מיט אַ שטאַרקען כאַראַקטער, און ווילענדיג ניט ווילענדיג האָט זיך יעדער געפונען אונטער זײַן ווירקונג. טאָמער האָט ער ניט געקענט ווירקען מיט גוטען, האָט ער זיך בענוצט מיט זײַן אונבעגרענצטער קראַפט: אויב איהר לאָזט זיך ניט איבערצײַגען אַזוי אַפּעליר איך צו דער דיסציפּלין: אײַן ווילען דאַרף הערשען“, – האָט ער אײַנמאָל געזאָגט צו אײַנעם פון זײַנע מיטהעלפערס.

די פיעלע ארבייט, וואס לאַסאַל האט אויפגעטהון אין דער קורצער צייט, האבען אינגאנצען אוועקגענומען זיינע כוחות. זיין גאנצער ארגאניזם איז געווארען שטארק אבגעשוואכט, אזוי, אז ער האט געמוזט איבערגעבען צו פיהרען די אינטערעסען פונ'ם בונד אנ'אנדערען. ער האט פערבראכט דעם זומער אין די קורארטען אין דייטשלאנד און אין דער שווייץ. נאך אויך זייענדיג דארט, האט ער זיך אינטערעסירט מיט די אינטערעסען פונ'ם בונד, מ'פלעגט איהם דארפען שיקען כסדר ראפּארטען וועגען דעם מצב זיינעם.

* *

*

גרויס זענען געוועזען די האפנונגען, וואס לאסאל האט ארויפגעלעגט אויף דער ארגאניזאציע, וועלכען ער האט געגרינדעט ער האט געהאפט, אז די ארגאניזאציע, וועט גאר גיך אויסוואקסען, אז מאסען ארבייטער וועלען אין איהר אריינטרעטען. ער האט געהאפט, אז די אינעווענייגסטע קראפט וועט זיך שטארקען און זי וועט ערהייבען די הויך, וועלכע קען צופריעדענשטעלען זיינע ברייטע שטרעבענדע וואונשען.

זיינע האפנונגען האבען זיך אבער ניט ערפילט.

שוין אין דריי חדשים צייט איז ערשט געוועזען די צאהל פון די צאהלענדע ארבייטער אינ'ם בונד ניט מעהר ווי טויזענט. דאס, געוועהנליך, האט נישט געקענט צופריעדענשטעלען לאסאלען, וועלכער האט געפאנטאזירט וועגען א גרויסע, מעכטיגע און ברייטע פאלקס-בעוועגונג, נאר אנשטאט צו ארבייטען א לאנגזאמע היסטארישע ארבייט, אנשטאט צו שיקען א גיטאטארען צווישע די ארבייטער, כבדי צו אגיטירען זיי אריינצוטרעטען אינ'ם בונד, אנשטאט צו פיהרען אט די שטילע טאקטיק האט ער אנגעהויבען צו פערנעהמען זיך מיט דיפלאמאטיע. ער האט געוואלט קריגען שטארקייט פאר דער ארגאניזאציע פון אויסער איהר.

אויב פריהער זעהען מיר איהם פיהרען זיין מלחמה געגען די פראגרעסיסטען, אנ'אמת'ן אידעען-קאמפף, איז יעצט זעהען מיר איהם שוין אפטמאל זוכען זיך בלבולים צוטשעפען זיך צו אזוינע

פּונקטען פֿון זייער פּראָגראַם, וואָס ער אַליין האָט פֿריהער געהאַט טענות, למאי זיי זענען ניטאָ אין איהם. אָפּט מאָל האָט ער זיי אויסגעלאַכט און מבטל געווען אָהן אַשום יושר און אמת. ער האָט זיך געפֿיהרט דאַמאָלס ניט ווי אַפֿאָרשטעהער פֿון אַהיס־טאָרישער בעוועגונג, נאָר ווי אַדיפּלאָמאַט. אין די רעדעס זיינע האָט ער צייטענווייז אויך גע'חנפֿ'ט ביסמאַרקען, מיינענדיג, אַז דורך איהם וועט ער קענען ווירקען אויף דער רעגירונג דורכצו־פֿיהרען אין לעבען די שטרעבונגען פֿון דעם אַרבייטער־בונד".

און צוליעב דעם האָט ער בעדאַרפֿט פֿון איין זייט לייגען די פּראָגרעסיסטען אין דער ערד, מאַכען זיי שוואַך אין די אויגען פֿון דער מלוכה, אַז זי זאָל זיך מיט זיי ניט רעכענען, און פֿון דער אַנדערער זייט אויפֿבלאָזען דעם בונד, כּדי צו פֿערגרעסערען זיין ווערט ביי דער רעגירונג, אַז זי זאָל זיין פֿאַר די אינטערעסען פֿון די אַרבייטער, כּדי זיי זאָלען קעמפֿפֿען פֿאַר איהר געגען די פּראָגרעסיסטען.

לאַסאַל אַליין, וואָס ער האָט אַזוי שאַרף, קלאָר אַרויס־געזאָגט דעם געדאַנק, אַז יעדע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג דאַרף נוצען נאָר רעוואָלוציאָנערע מיטלען, ער אַליין האָט זיך איצט בענוצט גאָר נישט מיט קיין רעוואָלוציאָנערע מיטלען. ער, וואָס האָט אַזוי גוט געוואוסט, אַז דער כּח פֿון יעדער בעוועגונג איז אין די רעאַלע פֿאַקטישע כּוחות, וועלכע ס'געפֿינען זיך אין איהר, האָט געוואָלט פֿערווירקליכען די שטרעבונגען פֿונ'ם בונד מיט דיפּלאָמאַטישע מיטלען, נישט דורך אַנ'אינטענסיווע, לאַנגזאַמע אַרבייט, אַז ס'זאָל זיך שטאַרקען אַלץ מעהר און מעהר די אינע־ווייניגסטע קראַפֿט פֿונ'ם בונד, אַזוי אַז די שטרעבונגען זיינע זאָלען ווערען די שטרעבונגען פֿון אַ ברייטער פֿאָלקס־בעוועגונג.

אין דעם ווינטער פֿון 1863/4 האָט לאַסאַל זיך געזעהן אַ פּאָר מאָל אויך מיט ביסמאַרקען. ביסמאַרק האָט געוואָלט אויסנוצען לאַסאַלען פֿאַר זיינע ציעלען און לאַסאַל האָט ווידער געוואָלט ביסמאַרקען אויסנוצען פֿאַר זיינע ציעלען, נאָר גיך אָבער האָט לאַסאַל זיך אָבגעזאָגט פֿון דער טאַקטיק און איז זיך צעגאַנגען מיט ביסמאַרקען.

נאָר וואָס פֿאַר אַ בעדייטונג האָבען די פֿעהלערען לאַסאַלס

אין זײַן דאַמאָלסדיגער טאַקטיק, װען מיר דערמאָנען זיך װי אַזוי לאַסאַל איז געװען איבערגעגעבן די אינטערעסן פֿונ׳ם בונד, װי אַלץ האָט זיך בײַ איהם קאָנצענטרירט אין איהם, דערמאָנענדיג זיך אין דעם קענען מיר פֿאַרשטעהן און מוחל זײַן די פֿעהלערן זײַנע אין דער טאַקטיק פֿאַר דער קורצער צײַט.

---

„זאָל ניט שטאַרבען מיט מיר״ — אַזוי האָט לאַסאַל פֿער„ענדיגט זײַן לעצטע רעדע אין דעם צװײ און צװאַנציגסטען „מאַי אינ׳ם 1864 יאָהר — „די גרויסע נאַציאָנאַלע, קול„טורעלע בעװעגונג. זאָל דאָס אָנגעצונדענע פֿײַער װאָס „איך האָב אָנגעצינדען, ברענען פֿערגרעסערען פֿערברײַטערען, „ביז ס׳װעט נאָך לעבען האָטש דער לעצטער פֿון אײַך!״ דאָס פֿײַער האָט געברענט, העלער, העלער, פֿון טאָג צו טאָג. און ניט נאָר אין דײַטשלאַנד. די בעװעגונג, װעלכע לאַסאַל האָט אָנגערופֿען נאָר נאַציאָנאַלע״, איז יעצט געװאָרען אַ װעלט בעװעגונג.

* *

*

ס׳איז נאָר צו בעװאונדערען װען מיר בעטראַכטען, װאָס לאַסאַל האָט איבערגעטהון אין די לעצטע צװײ יאָהר פֿון זײַן לעבען, פֿון 1862 יאָהר ביז יוני פֿונ׳ם 1864 יאָהר. אין די צװײ יאָהר האָט ער אויפֿגעטהון מעהר, װי אין זײַן גאַנץ לעבען. װיפֿיעל געזונד, װיפֿיעל האָט ער פֿערנוצט אין יעדען חודש.

„פֿון מאַרט אינ׳ם 1862 יאָהר ביז יולי דעם 1864״ — שרײַבט בראַנדעס — האָט לאַסאַל אָנגעשריבען ניט װעניגער װי צװאַנציג העפֿט, פֿון װעלכע פֿיער זענען לויט זײַער אינהאַלט גאַנצע ביכער. דאָס רוב פֿון זײ, נישט קוקענדיג דערויף װאָס זײ זענען געשריבען ניט באריכות און אײַנפֿאַך, זענען זײ אַזוי רײַך אין געדאַנקען און זענען אָנגעשריבען מיט אַזאַ װיסענשאַפֿטליכער טיעפֿקײַט, װאָס ס׳איז שװער צו געפֿינען אפֿילו אין די גראָבע ספּעציעלע װיסענשאַפֿטליכע ביכער. אַחוץ דעם האָט ער נאָך געהאַלטען אײַן

רעדע נאָך דער אַנדערער, געמאַכט איין קאָנפערענץ נאָך דער אַנדערע מיט אַרבײַטער־דעפּוטאַציעס, בעפרײַט זיך פון אַ גאַנצען דוץ פּאָליטישע פּראָצעסען, ער האָט זיך אויך אַזוי פיעל איבערגעשריבען מיט זײַנע פרײַנד, מיטאַרבײַטער און פעראײַנען, געגרינדעט דעם אַלגעמײַנעם דײַטשען בונד און אַלײַן אין גאַנצען איהם געפיהרט. גלײַך ווי דער פֿאָרגעפיהל פון זײַן נאָהענטען טוידט, וועלכער איז שוין געשטאַנען אונטער איהם, האָט איהם פֿערגרעסערט זײַן ענערגיע איבער די מעגליכקײַט".

פון די צעהן פּאָליטישע פּראָצעסען, וואָס ער האָט געהאַט אין דעם פעריאָד, איז געווען דער ערשטער פאַר זײַן רעדע „דאָס פּראָגראַם פֿון די אַרבײַטער". מ'האָט איהם בעשולדיגט, אַז דאָס ציעל זײַנס אין זײַן רעקציאָן איז געווען אויפֿצורייצען די אַרבײַטער געגען די בורזשואַזיע. דער מִשְׁפָּט האָט זיך אויסגעהערט אינ'ם 16 יאַנוואַר פֿונ'ם יאָהר 1863.

אַדאַנק דעם פּראָצעס, האָבען מיר די רעדע זײַנע: „די וויסענשאַפט און די אַרבײַטער", וועלכע ער האָט געהאַלטען צו פֿערטהײַדיגען זיך. נאָר איהם איז קאַרג געווען בלויס צו פֿערטהײַדיגען זיך, ער האָט בעדאַרפֿט מאַכען אַ תֵּל פריהער פונ'ם פּראָקוראָר. מיט אַ שאַרפער, קלוגער שפּראַך האָט ער אויסגעלאַכט דעם פּראָקוראָר שעליגג פאַר וואָס ער האָט איהם בעשולדיגט. ער האָט איהם אָנגערופען „וויסענשאַפטליכע פֿערזעהעניש". דער פּראָצעס האָט איהם געבראַכט נאָך אַ פּראָצעס. מ'האָט איהם בעשולדיגט „אין בעליידיגען דעם פּראָקוראָר". אַזוי איז געווען בְּסֵדֶר: יעדער פּראָצעס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך נאָך אײנעם.

די ריכטער האָבען לאַסאַלען פערמִשְׁפָּט פיער חֳדָשִׁים טורמע אין דעם פּראָצעס פאַר זײַן לעקציאָן: „דאָס פּראָגראַם פון די אַרבײַטער". נאָר דער פְּסַק האָט בײדע צְדָדִים ניט צופֿריעדענגעשטעלט, ניט דעם פּראָקוראָר ניט לאַסאַלען. דעם פּראָקוראָר איז נאָך קאַרג געווען. ער האָט געפאָדערט נײַן חֳדָשִׁים טורמע פון לאַסאַלס וועגען. אין דער צווייטער אינסטאַנציע, וואוהין אי דער פּראָקוראָר, אי לאַסאַל האָבען אַפּעלירט, האָט מען איבערגעביטען דעם פְּסַק אויף געלד־שטראָף, אין אַ סומע פון הונדערט

רובל. דאָס מאָל האָט ער געהאַלטען זיין רעדע: „דירעקטע און אונדירעקטע שטייער".

אַחוץ די פּראָצעסען, האָט ער אויך געהאַט נאָך פילע פּאָליטישע פּראָצעסען, אויף וועלכע ער האָט זיך שטענדיג אַליין פערטהיידיגט. ער פּלעגט אפילו יאָ מיטנעהמען מיט זיך תּמיד אַנ'אַדוואָקאַט, נאָר ער, דער אַדוואָקאַט, איז געשטאַנען בלויס פאַר אַנ'עדות. אויב דער אַדוואָקאַט האָט יאָ אַמאָל עפּיס געזאָגט, איז דאָס געווען די הודעה זיינע „אַז נאָך דעם וואָס דער „געעהרטער קליענט" זיינער האָט גערעדט, האָט ער שוין ניט וואָס צו רעדען", אָדער ער האָט זיך אַריינגעלעגט אין שלום, שלום מאַכען צווישען לאַסאַלען און דעם פּראָקוראָר אָדער דעם פּרעזידענט, דאַמאָלס ווען מ'איז פערגאַנגען אין ויכוחים.

י.

די גרויסע התלהבות, דער אונגעהויערער ענטוזיאַזם, די ערנסטע איבערגעבענהייט צו די העכסטע געזעלשאַפטליכע אידעאַלען און די אונבעגרענעצטע שווערע דינסט צו די אידעאַלען האָבען ענדליך פערשוואַכט לאַסאַלען. זיין אָרגאַניזם איז אין גאַנצען פערמאַטערט געוואָרען. פון די פיעל אָרטיגע אַרבייט פון די פיעלע רעדעס איז ער קראַנק געוואָרען אויף דער האַלז, ער איז אין גאַנצען געוואָרען אויסגעמוטשעט, די נערווען זיינע זענען געוואָרען אָפּגעשוואַכט. ער האָט געמוזט יעצט רוהען אַ לאַנגע צייט און ערנסט קורירען זיך. ער האָט בעשלאָסען צו פאָהרען אין דער שווייץ. נאָך פריהער איז ער נאָך אַרומגעפאָהרען אין פיעל שטעדט צו אַגיטירען פאַר דעם בונד. אינ'ם פינף און צוואַנציגסטען יולי איז געווען זיין לעצטער פּאָליטישער פּראָצעס, אין וועלכען ער האָט געהאַלטען זיין לעצטע רעדע; און אין אָנהויב יולי איז ער אַוועק-געפאָהרען קיין שווייץ, וואו ס'האָט שוין אויף איהם געוואַרט דער טויט, אָפּצונעהמען ביי איהם זיין יונגע פייערדיגע נשמה!..

* *

*

זייענדיג זיינער אַליין, געפינענדיג זיך יעצט ווייט פון דעם

שטענדיגען טומעל, האָט זיך לאַסאַל איבערגעגעבען צו טראַכטען וועגען די רעזולטאַטען, וואָס ער האָט ערדרייכט מיט זיין טהעטיגקייט פֿאַר'ן גאַנצען לעבען. ער איז געווען אין צו אַנ׳ אויפֿגערעגטער, נערוועזער לאַגע, ער זאָל קענען זיך איינקוקען אין די צוקונפֿט, זעהן די מדרגה, וועלכער ס'וועט דערגרייכען זיין אָרגאַניזאַציאָן שפּעטער מיט יאָהרען אונ פֿאָראויס שפּירען פֿערגניגען פֿאַר די שריט, וואָס זי וועט מאַכען.

ער האָט זיך גערעכענט מיט דער מינוט. און דערווייל זענען די רעזולטאַטען געוועזען זעהר קליין. דער בונד האָט ניט אַרומ־גענומען אַלע אַרבייטער, אַזוי ווי ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. זיין לאַגע בעשטעהט ניט פֿון הונדערטער טויזענדער אַרבייטער. די צאָהל פֿון די אַרבייטער, וואָס זענען געווען אין בונד האָט זיך ניט נאָר ניט פֿערגרעסערט, נאָר זי האָט זיך נאָך פֿערקלע־נערט, דאָס האַרץ איז געוואָרען פול מיט יאוש. דאָס פֿערלאָרענע לעבען האָט פּראָטעסטירט. אין אַזוינע מינוטען האָט ער גענומען טראַכטען וועגען אייגענעם גליק, וועגען פֿאַמיליען־לעבען. און עס איז גראָד פֿאָרגעקומען אַ צופֿאַל, וועלכער האָט ביי איהם ניט ווילענדיג אַרויסגערופֿען אַזוינע געדאַנקען.

לאַסאַל האָט זיך געפֿונען אין ריגי־קאַלטענבאַד. העלענע פֿאָן־דעניגעס, מיט וועלכער לאַסאַל האָט זיך בעקאָנט נאָך אין'ם 1862 יאָהר, נאָר ער האָט זיך מיט איהר פֿון דאַמאָלס אָן ניט בעגעגענט קיינמאָל, אַפילו ווען ער איז געווען אין די שפּעטערע יאָהרען אין בערלין, וואו זי האָט דאַמאָלס געוואָהנט מיט איהר באָבען, איז אומסטען געקומען צופֿאָהרען קיין ריגי צוליעב לאַסאַלען.

איהר כאַראַקטער איז געווען אַ ביסעל ענליך צו לאַסאַל'ן — אַ לעבעדיגע נאַטור, אַ הייסער טעמפּעראַמענט. נאָר דאַמאָלס ווען לאַסאַל האָט אויסגענוצט זיין פֿייער און טעמפּעראַמענט אויף אַרבייטען און ווירקען אין לעבען, האָט זי ליעב געהאַט אַ פּוסטען רעשיג לעבען, פֿיהרען ראָמאַנען, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס איהר האַרץ האָט אָפֿיציעל שוין אַוועקגענומען איהר חבר פֿון קינדהייט יאַנקאָ פֿאָן־ראַקאָוויץ. דעריבער אַז זי איז געוואָהר געוואָרען, אַז לאַסאַל געפֿינט זיך אין ריגי, איז זי געקומען אַהין

אַ ביסעל פֿערברענגען מיט איהם. און די לוסטיגע העלענע האָט אויפֿגעפֿרישט לאַסאַלס פֿערמאַטערטע, צושרויפֿטע נערווען, זי האָט אַריינגעבראַכט אַ שטאַרקען שטראָם פֿון לעבען אין זיין האַרץ.

און אין דעם לעבעדיגען שטראָם האָט ער געוואָלט יעצט דערטרינקען דעם שרעקליכען יאוש, וועלכער האָט געגעסען זיין האַרץ, זעהענדיג אַז זיינע וואונשען און האָפֿנונגען פֿון זיין געזעלשאַפֿטליכע טהעטיגקייט זענען ניט ערפֿיעלט געוואָרען. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ער וועט קענען שטעהן ווייט פֿון׳ם רעש׳יגען געזעלשאַפֿטליכען לעבען און זיין צופֿריעדען מיט דעם גליק פֿון זיין אייגענער וועלט.

העלענע האָט לאַסאַלען נישט געלאָזט לאַנג וואַרטען אויף אַנ׳ענטפֿער. אין עטליכע שעה אַרום נאָכדעם ווי ער האָט געבעטען איהר האַנד, האָט זי איהם געענטפֿערט פֿון בערן אין אַ הייסען בריעף, אַז „זי נעהמט אָן זיין פֿאָרשלאַג, אַז זי האָט צוליעב איהם בעשלאָסען דער׳הרג׳ענען מיט אַקאַלטער האַנד איהר חתן", אַז זי וויל און וועט זיין זיין פֿרוי, אַז „זי איז גרייט צו לויפֿען אומעטום מיט איהר קעניגליכען אָדלער", אויב די עלטערן איהרע וועלען ניט דערלויבען, אַז זיי זאָלען צוזאַמענבינדען זייער לעבען אינאיינעם, און „זי וויל אַז ס׳זאָל געשעהן וואָס גיכער". דער ענטפֿער האָט נאָך מעהר צוגעצויגען לאַסאַלען צו העלענען, זעהענדיג ווי אַזוי שטאַרק ס׳איז איהר ליעבשאַפֿט צו איהם.

העלענעס עלטערן זענען געווען שטאַרק געגען לאַסאַלען. זיי האָבען בשום אופֿן נישט געוואָלט געבען זייער הסכמה, ווען העלענע האָט זיי דערצעהלט וועגען די בעציהונגען, וואָס צווישען איהר און איהם. העלענע איז אַנטלאָפֿען פֿון שטוב און איז געקומען צו לאַסאַלען און האָט איהם פֿאָרגעלעגט אַנטלויפֿען מיט איהר. נאָר לאַסאַל איז אָבער געווען צו גרויס בײַ זיך, אַז ער זאָל דאַרפֿען אַרויס׳גנב׳נען זיין געליעבטע, אויך האָט ער צופֿיעל געגלויבט אין זיינע גײַסטליכע כוחות אין זיין כח הדבור, אַז ער וועט קענען ווירקען אויף העלענעס עלטערן מסכים צו זיין מיט גוטען. ער האָט געהייסען העלענען פֿאָהרען אַהיים. די עלטערן האָבען העלענען מעהר ניט אַרויסגעלאָזט אויף דער גאַס ביז צום סוף איז געקומען איהר חתן. יעצט איז זי געוואָרען אין גאַנצען

געבונדען. לאַסאַל האָט יעצט געזעהן וואָס פֿאַר אַ גרויסען פֿעהלער ער האָט געטהון, וואָס ער האָט ניט געפֿאָלגט העלענען. ער האָט יעצט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו צווינגען העלענעס פֿאָטער אַרויסצוגעבען איהם העלענען. ער האָט מַמש איבערגעקעהרט וועלטען. די גרעסטע, וואָס ער האָט געהאַט צווישען זיינע בעקאַנטע, פּאָלקאָווניקעס, פּראָפֿעסאָרען, אַדוואָקאַטען, דיפּלאָמאַטען, שיעור ניט אויך דעם בייערישען קעניג, האָט ער אויפֿגעשטעלט אויף די פֿיס צו אַרבייטען פֿאַר דעם צוועק.

נאָר אין דער צייט ווען ער האָט אַזוי איינגעלעגט וועלטען צו בעפֿרייען די „אומגליקליכסטע העלענען", אין דער צייט האָט זי זיך שוין גאָר אינגאַנצען פֿערגעסען אָן לאַסאַלען, זי האָט זיך כְּלל ניט געפֿיהלט אומגליקליך. זי איז שוין בערוהיגט געוואָרען. זי האָט געשריבען לאַסאַלען אַ בריעף, אַז „זי האָט זעהר חֲרָטָה אין דעם, וואָס זי האָט געטהון" און זי „האָט שוין, אַדאַנק גאָט, צוריק געקריגען דאָס ליעבשאַפֿט צו איהר חָתָן יאַנקאָ פֿון ראַקאָוויץ. „זי האָט בעשלאָסען אויף אייביג איהם אָבגעבען איהר ליעבשאַפֿט און טרייהייט". לאַסאַל האָט גאָר זיך ניט געקענט גלויבען, אַז זי האָט ווירקליך געשריבען דעם בריעף. ער האָט חושד געווען, אַז מ'האָט איהר געצוואונגען אָנצושרייבען איהם. נאָר גיך אָבער האָט ער זיך איבערצייגט מיט וועמען ער האָט צו טהון. ער האָט געפֿאָדערט, אַז זי זאָל זיך מיט איהם זעהן און זאָל איהם זאָגען אין די אויגען, אַז זי זאָגט זיך אָב פֿון איהם. צו דעם צוועק זענען געגאַנגען צו די דעניגעסעס דער פּאָלקאָווניק ריסטאַוו און דער דאָקטאָר העפֿלע דער מורְשֶה פֿון בייערישען מיניסטער איבערגעבען העלענען לאַסאַלס וואונש. נאָר זי האָט פֿאַר קיין פֿאַל ניט געוואָלט צופֿריעדען שטעלען זיין פֿאָדערונג. „מיר איז שוין נִמְאָס געוואָרען די גאַנצע היסטאָריע". — האָט זי זיי געזאָגט. — „צו וואָס דאַרף איך זיך זעהן מיט איהם? איך ווייס דען ניט וואָס ער וויל פֿון מיר?" — אָט אַזוי אונפֿערשעמט איז זי זיך בעגאַנגען מיט לאַסאַלען.

מ'קען זיך פֿאָרשטעלען, ווי אַזוי דאָס האָט געווירקט אויף לאַסאַלען. ערשט האָבען שוין אַנדערע געפֿיהלען אָנגעפֿילט זיין האַרץ, געפֿיהלען פֿון געוויסען־שמערצען פֿאַר וואָס ער האָט

געקענט זיך אזוי בזוי מאכען פאר אזא נידריגע נשמה.

זיין ליעבע צו העלענען האט זיך פערביטען אויף א שטארקע פעראכטונג און שנאה, נאר איין געדאנק האט איבער איהם געוועלטיגט: נעהמען נקמה פאר זיין כבוד, וואס מ'האט אזוי געטראטען מיט די פיס.

און לאסאל, וואס איז אזוי געווען געגען דועל, וואס ער האט עס געהאלטען פאר אזא פערברעך, האט יעצט בעשלאסען ארויסצורופען העלענעס פאטער און יאנקא פון ראקאוויץ אויף א דועל. אויף אזוי פיעל האט ער זיך פערלארען א דאנק, געוועהנליך, אלעם אוננארמאלעס וואס ער האט איבערגעלעבט אין דער צייט, א דאנק דעם וואס ער האט זיך געפונען אין אזא אויפגערעגטער זעעלען-צושטאנד אז אויף איהם האט אויפגעהערט צו ווירקען די לאגיק, נור די אויפגערייצטע נערווען.

העלענעס פאטער איז אנטלאפען קיין שווייץ, באלד ווי ער האט דערהאלטען דעם ארויסרוף. לאסאל האט געהאלטען דעם דועל מיט יאנקין ראקאוויץ דעם אכט און צוואנציגסטען אויגוסט. ער איז זעהר שווער פערוואונדערט געווארען אין בויך...

* *

*

מערקווירדיג איז ווען מיר קוקען זיך איין, ווי לאסאל האט געגלויבט אין זיך, אז אומעטום מוז ער איינגעהמען. קיינע מפלות האבען פון איהם ניט געקענט אויסווארצלען זיין שטארקען גלויבען אין זיך.

אויך יעצט נאכדעם ווי ער האט געזעהן, ווי ער האט זיך שרעקליך אבגענארט מיט העלענען, נאכדעם האט ער אויך ניט אנגעווארען זיין שטאלץ. דער אדלער, ווי נידריג ער זאל זיך ניט אראבלאזען, הויבט זיך צוריק אויף אין דער גרעסטער הייך. קען דען זיין, אז ער דער גרויסער לאסאל זאל פאלען טוידט פונ'ם דועל און א יאנקא פון ראקאוויץ זאל בלייבען לעבען. ער האט אפילו ניט געוואלט איינאיבען זיך אין שיסען איידער ער איז געגאנגען האלטען דעם דועל, דאמאלס

ווען יאַנקאַ פון ראַקאָוויץ האָט אַ ...עשאָסען הונדערט פונפציג מאָל אין דעם טאָג פאַר דעם דועל: „נאַרישקייטען!“ — האָט ער געענטפערט דעם פאָלקאָווניק ריסטאָוו, וואָס ער האָט איהם געעצה'ט אויסשיסען עטליכע מאָל.

אַזוי האָט ער געגלויבט, אַז ניט ער דאַרף פאַלען טוידט, ער איז געווען פעסט, אַז ער וועט לעבען בלייבען.

* * *

אינ'ם איין און דרייסיגסטען אויגוסט, זיעבען אַ זייגער אין דער פריה, איז פערלאָשען געוואָרען דאָס יונגע, שענע, רייכע לעבען...

* * *

ווי אַ דונער האָט זיך אַרומגעטראָגען די ידיעה וועגען זיין טוידט. פיער טויזענט מאַן האָבען זיך צונויפגעקליבען אַרום לאַסאַלס אָרון. צווישען דאָס פובליקום זענען געווען מאַסען מענשען פון אַלערליי לענדער און פון אַלערליי נאַציאָנען. מ'האָט געהאַלטען פייערדיגע רעדעס אויף אַלערליי שפראַכען. אין דייטשלאַנד האָט מען אין אַלע סאָציאַליסטישע אַרבייטער-פעראיינען געטרויערט אויף איהם. מ'האָט געמאַכט גרויסע פערזאַמלונגען, אויף וועלכע מ'האָט געהאַלטען טרויער-רעדעס אויף לאַסאַלען. מ'האָט געשוואָרען ביי זיין נאָמען צו פיהרען ווייטער די אַרבייט, וועלכע ער האָט אָנגעהויבען, דיענען טריי די פרינציפען, פאַר וועלכע ער האָט אַזוי געקעמפפט, אַרבייטען פאַר דעם געוואונשטען אידעאַל זיינעם — זעהן אַ גרויסע, ברייטע פאָליטישע אַרבייטער בעוועגונג, וועלכע זאָל אַריינגעהמען אַלע אַרבייטער.

לאַסאַלען האָט מען באַלזאַמירט. די גרעפין האַצפעלד האָט געוואָלט, אַז מען זאָל איבערפיהרען דעם אָרון זיינעם פון דער שווייץ אין בערלין, דורך אַלע גרעסטע שטעדט פון דייטשלאַנד. אין קעלן האָט זיך אַריינגעמישט פאָליציי, אַז מ'האָט אַריינגעפיהרט אַהין דעם אָרון. די מוטער לאַסאַלס האָט שטאַרק געפאָדערט, מ'זאָל איהם ברענגען קיין ברעסלוי. דאָרטען האָט מען איהם מקבר געווען אויף דעם יודישען בית הקברות צווישען זיין פאַמיליע.

אויף זיין מצבה איז אויסגעקריצט דער אויפשריפט, וואָס זיין

גוטער פֿריינד דער אַקאַדעמיק בּ ע ק האָט אָנגעשריבּען:
דאָ רוהט וואָס ס'איז געווען שטערבּליך אין
דעם דענקער און קעמפּפער פֿ. לאַסאַל.

* * *

פֿריהער מיט אַ טאָג, ווי לאַסאַל איז געגאַנגען אויף דעם דועל האָט ער אָנגעשריבּען אַ צוואָה, אין וועלכער מיר זעהען ווידער דעם גרויסען לאַסאַל. אויך אין דער צייט האָט ער געדענקט אָן זיינע חברים. אַ סך פֿון זיי האָט ער איבּערגעלאָזט אַ געלד-שטיצע, ווענען ער האָט אבּגעזאָגט די בּיבּליאָטעק זיינע, און וועמען ער האָט איבּערגעגעבּען דאָס רעכט אויף אַרויסגעבּען זיינע שריפֿטען. אויך האָט ער אין זינען געהאַט די אַלע אינטערעסען פֿונ'ם בּונד. אַחוץ וואָס ער האָט אָבּגעזאָגט אויף איהם אַ סומע פֿון פֿינף הונדערט רובּל אַ יאָהר, האָט ער אויך געזאָרגט זיך אויסצוקלויבּען פֿאַר איהם פֿיהרעס. ער האָט געבּעטען האַלטען מריי די פֿאָהן פֿון די אַרבּייטער בּעוועגונג, וועלכע ער האָט אויפֿגעהויבּען און וועלבּע וועט פֿיהרען צום נצחון פֿאַר דעם אַרבּייטער קלאַס.

* * *

„איך האָבּ דורכגעקוקט מיין לעבּען, — דאָס איז געווען
„אַ גרויס, אָרענטליך, גלעצענד לעבּען. די צוקונפֿט וועט
„וויסען מיר געהעריג אָבּצושעטצען".

אָט אַזוי שרייבּט לאַסאַל אין איינעם פֿון זיינע לעצטע בּריעף, וועלכע ער האָט געשריבּען אַ קליינע צייט פֿאַר זיין טויט.

און ווירקליך, זיין לעבּען איז געווען איינס פֿון די שענסטע, פֿון די רייכסטע, פֿון די גלענצענדעסטע לעבּענס, פֿון וועלכע די היסטאָריע ווייסט.

ניט פֿיעל האָט ער געלעבּט, אָבּער פֿיעל האָט ער איבּער-געלעבּט, פֿיעל האָט ער אויפֿגעטהון. דאָס וואָס ער האָט געשאַפֿט אין אַזאַ קורצען פּעריאָד פֿון זיין לעבּען, וואָלט געקענט זיין גענוג צו בּעשענקען פֿיעל, אַנגע לעבּענס פֿון פֿיעל היסטאָרישע העלדען אינאיינעם!

# קאטאלאג פון פערלאג „ביכער-פאר-אלע”, ווארשא.

## 1) לעהר-ביכער:

קאפ׳

1) דער יידיש-לעהרער. ערסטע טייל, איליוסטרירטע מעטאָדע צום לערנען לעזען און שרייבען יידיש מיט אַ חרעסטאָמאַטיע, פערפאַסט פון מ. קרינסקי . 35

2) דער יידיש-לעהרער, צווייטע טייל, חרעסטאָמאַטיע. הנ״ל . . . . .

3) דער שטראהל, אַ ליטעראַריש-וויסענשאַפטליכע חרעסטאָמאַטיע, געזאַמעלט דורך אַ גרופּע יידישע לעהרער, רעדאַגירט דורך מ. קרינסקי . . . .

4) מאָראַליטעט פון יודענטום. (מוסר היהדות) געזאַמעלט פון תנ״ך, תלמוד און מדרשים. דורך מ. קרינסקי . . . 40

## 2) ערצעהלונגען און מאנאלאגען.

ק׳

פונם פריזיוו, מאָנאָלאָג. שלום עליכם . . . . . . . . . . 5

דער פֿעטער פיני מיט דער מומע רייזע. אַ מעשה. הנ״ל. . . . . 5

פישיל דער מלמד. כנ״ל. . . . . . . . . . . . 8

גימענאַזיע. אַ פּעקיל. הנ״ל. . . . . . . . . . . 6

אַ פֿאַרשפּילטער ל״ג בעומר, אַ מעשה פון חדר. הנ״ל. . . . . . 5

גרינס אויף שבועות. אַ מעשה פאַר יודישע קינדער. הנ״ל. . . . . 5

דאָס טעפּיל. מאָנאָלאָג. הנ״ל . . . . . . . . . . 5

באַשערט אַנ׳אומגליק. מאָנאָלאָג. הנ״ל . . . . . . . . . 5

האדל. אַ מעשה פון טביה דעם מילכיגער. הנ״ל. . . . . . . . 10

אַנ׳עצה. ערצעהלונג. הנ״ל. . . . . . . . . . . . 8

ביי׳ם דאָקטאָר. מאָנאָלאָג. הנ״ל. . . . . . . . . . 5

אַ גרינגער תענית. אַ בילד לכבוד תשעה באָב. הנ״ל. . . . . . . 5

אַ פינסטערע חתונה. ערצעהלונג. מ. ספּעקטאָר. . . . . . . . 5

אַ שטרייק פון קבצנים. ערצעהלונג הנ״ל. . . . . . . . . 5

שטעהט אויף צו סליחות. כנ״ל. . . . . . . . . . . 5

דריי האָבען געגעסען אום יום כפור. ערצעהלונג. ד. פרישמאַן. . . . 5

סכך אויף סוכות. ערצעהלונג. אברהם רייזען . . . . . . . . 5

געציל. אַ מעשה מיט ניס. שלום עליכם. . . . . . . . . 5

דער לעהרער. ערצעהלונג. אברהם רייזען. . . . . . . . . 5

פֿערמשכנ׳ט זיך אַליין. כנ״ל. . . . . . . . . . . 5

אַ מלך מיט צוויי מלכות. שלום עליכם. . . . . . . . . 5

Издат. „ГАОРЪ“ и „Бихеръ-фаръ-алэ“, Варшава Долгая 11
Wydawnictwa „HAOR“ i „Bicher-far-ałe“, Warszawa Długa 11

# קאַטאַלאָג פֿון פֿערלאַג „ביכער־פֿאַר־אַלע", וואַרשאַ.

| | קאָפּ׳ |
|---|---|
| שכר למוד. ערצעהלונג. אברהם רייזען | 5 |
| כפּרות. אַ מעשה נורא דערצעהלט פֿון שלום עליכם | 5 |
| סאַמאָוואַר. ערצעהלונג. אַ. רייזען. | 5 |
| צו גאַסט. ערצעהלונג. מ. בן־אליעזר | 3 |

## 3) דראַמאַטען און סצענעס פֿון יידישען לעבען:

| | |
|---|---|
| צווייט און צושפּרייט. אַ דראַמע אין 3 אַקטען. שלום עליכם. | 30 |
| דער גט. 1 אַקט אין 3 בילדער. הנ״ל. | 10 |
| מזל טוב. אַ קאָמעדיע אין איין אַקט. הנ״ל | 10 |
| אַ דאָקטאָר. אַ שפּאַס אין איין אַקט. הנ״ל. | 10 |

## 4) וויסענשאַפטליכע בראָשורען:

| | |
|---|---|
| דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט. וו. וואָדאָוואָזאָוו. | 10 |
| דער וועג צום אייביגען גליק. עטיוד. לאַסאַר איגנים. | 10 |
| פּריוואַט־אייגענטום. ש. א. זאַקס | 5 |
| פֿערשידענע פֿאָרמען פֿון פֿאָלקס־פֿערטרעטונג. נ. א. ראָזשקאָוו. | 10 |
| קריזיס און אַרבייטסלאָזיגקייט. עדואַרד וואָליאַן | 10 |
| כאָלירע. דאָקטאָר פּ. באַראָנאָוויטש. | 5 |
| דאָקטאָר טעאָדער הערצל. ביאָגראַפֿיע. שלום עליכם | 10 |
| רבי יהודה הלוי. ביאָגראַפֿיע. ש. ז. זעצער. | 5 |
| אבן עזרא. ביאָגראַפֿיע. הנ״ל. | 5 |
| לאַסאַל. ביאָגראַפֿיע. הנ״ל | 10 |

---

ביי בעשטעלונגען דירעקט פֿון פֿערלאַג „ביכער־פֿאַר־אַלע", נישט ווענינגער ווי פֿאַר 2 רובל, צאָהלט מען נישט פֿאַר פּאָרטאָ.

בוכהענדלער, וואָס שרייבען אויס דירעקט פֿון פֿערלאַג „ביכער־פֿאַר־אַלע", נישט ווענינגער ווי פֿאַר 5 רובל, בעקומען 25% ראַבאַט. נישט ווענינגער ווי פֿאַר 25 רובל בעקומען זיי 30%.

בעשטעלונגען ווערען אויסגעפֿיהרט פֿער נאָכנאַהמע ביי האַנדגעלד.

☞ קאַטאַלאָגען ווערען אַרויסגעשיקט פֿראַנקאָ ☜

Издат. „ГАОРЪ", и „Бихеръ-фаръ-алэ", Варшава Долгая 11
Verlag „HAOR", ü. „Bicher-far-ale", Warschau Dluga 11

# רשימת ספרי „האור".

## א) ספרי למוד:

(מאושרים ע"י ועד המיניסטריום לשמוש בבתי ספר וחדרים) ק׳

1) ראשית דעת, למוד הקריאה והכתיבה העברית. מאת מ. קרינסקי . . . . 30
2) הדבור העברי, חלק א. הספר הראשון אחר „האלף־בית". מאת הנ"ל . . . 50
3) הדבור העברי. חלק ב. חריסתומתיה מלבבת ודקדוק מסודר. הנ"ל . . . 70
4) הדבור העברי. חלק ג. כנ"ל, (לשנות הלמודים השלישית והרביעית) . . . 1.10
5) תורה לתינוקות. ספר בראשית. הפנים מסודר לרוח הילדים ונדפס באותיות גדולות ובסמני הקריאה. הרבה ציורים יפים. באור המלים והענין. לקוטים נבחרים מפירוש רש"י ופנינים מדברי אגדה. שאלות לשנון ותכניות לחנוכים שבכתב. מאת הנ"ל. . 60
6) אור תורה. חריסתומתיה ביבלית ותלמודית עם שיחות מלבבות בשפת עבר. . 40
7) מוסר היהדות. כנ"ל עם תרגום ז׳רגוני . . . . . . . . . 40
8) דת ישראל. ספר א׳ למוד הדת והמוסר עם תרגום רוסי. מאת הנ"ל. . . . 45
9) דת ישראל ספר ב׳. כנ"ל. (שני הספרים האלה מאושרים גם בעד בתי הספר הבינונים). 45
10) בית הספר לתורת הכתיבה העברית, בשתי סריות, ד׳ מחברות בכל סריה. כל חוברת 5
11) בית הספר לתורת הכתיבה הרוסית, כתב אלכסוני ב13 חוברות, מחיר כל אחת 6
12) בית הספר לתורת הכתיבה הרוסית, כתב ישר ב10 חוברות, מחיר כ"א . . 6

## ב) ביבליותיקה „שעשועים" (ספרי מקרא לילדים).

1) בן הפריץ, אגדת עם. ע"פ מ. ז. פיארברג. . . . . . . . . . . 5
2) הגאון מוילנה. תולדותיו וחייו. י. שף . . . . . . . . . . . 5
3) השבועה. ספור. בן אליעזר. . . . . . . . . . . . . 5
4) הגליונות האדומים. ספור. יעקב שטיינבערג . . . . . . . . . 5
5) המלך הגאה. אגדה. דרושביטש. תרגום ל. סוקולוב . . . . . . . 5
6) הנשיקה. ספור. הנער הגנב. פואימה. יעקב שטינברג. . . . . . . 5
8—7) שירי ילדים. ז. שניאור . . . . . . . . . . . . . 10
9) חוה היפה. ספור. ה. ד. נומברג . . . . . . . . . . . 5
10) הנאהבים והנעימים. ספור. ש. אש . . . . . . . . . . . 5

## ג) ספרי מקרא לבני הנעורים:

(מצטינים בתכנם הפיוטי ובסגנונם הרענן).

1) פיליטוני הרצל. תרגום ד. פרישמאן . . . . . . . . . . . 30
2) קבץ ספורים. מאת ש. אש . . . . . . . . . . . . . 35
3) קבץ ספורים. מאת ה. ד. נומברג. . . . . . . . . . . . 30
4) קבץ ספורים. מאת א. רייזען . . . . . . . . . . . . 35

## ד) לגדולים:

1) הדור, שנה שניה, בהוזלת המחיר מן 8 רו"כ לשני רו"כ. (פארטא 45 קאפ׳). 2.00
2) באורים והערות לתורה נביאים וכתובים. מאת ט. ליפשיץ . . . . . . 1.00

---

Издат. „ГАОРЪ", Варшава, Долгая 11.
Verlag „HAOR" Warschau Długa 11